Broderzon, Moses.
Forshtelungen.
Lodzsh, 1936.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1888.18

**Broderzon, Moses, 1890-1956.**
Forshtelungen.
Lodzsh : Aroysgegebn durkh a grupe fraynt, 1936]
Varying form of title: Forsztelungen.
132 p. : port. ; 19 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh 2. Yiddish poetry.--lcsh
I. Poland-Lodz

ID : NXYH01-B14172 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /8372

Reduction ratio X 10.0

# משה בראָדערזאָן



# פֿאַרשטעלונגען

# משה בראָדערזאָן





# פאַרשטעלונגען







מ. בראָדערזאָן—מיניאַטור-פּאָרטרעט פון אַרטור שיק

גאָט —

זיי מוחל מיר, מיין גאָט, דעם גרימצאָרן, דעם גורל-גרויל,
ווי מוחל ביזטו עס דער חיה אינם פאַנגערס קלעם.
זיי מוחל מיר, בעת מיין נשמה איז פון אַנגסט אַ קנויל,
ווייל ק י ן - צ י י כ ן איז געוואָרן — פעלקישער עמבלעם.
זיי מוחל, גאָט, אונדז אַלע, אויסגעליידיקטע, הויל,
פאַרגיב אונדז, וואָס מחלל זענען מיר אין מענטש דיין שם!

מ. ב.

# שײלאָק לאַכט

(אין דעם גאַרדעראָב פֿון גרױסן ענגלישן טראַגיקער עדמונד קין. דער אַרטיסט איז גרימירט אַלס שײלאָק, גרײט אַרױסצוגײן שפּילן דעם לעצטן אַקט — אין געריכט. דער סופֿלער, דער פֿרײַנט זײַנער, מאַכט אים אין אָרדענונג די מלבושים. קין איז איבערגע־שפּאַנט און נערװעז.

דער גרױסער גאַרדעראָב־צימער איז װײס געקאַלכט, אַזױ אַז דער הינטערגרונט װערט באַלד, װי די ליכט לעשן זיך אױס, פֿאַר־װאַנדלט אין אַן עקראַן. אױף אים באַװעגן זיך שפּעטער אין לאַנגע געשפּענסטיקע שאָטנס די שײלאָק־געשטאַלטן, פֿאַר װעלכע קין־שײלאָק האַלט זײַן מאָנאָלאָג).

דער סופֿלער

כ׳האָב מורא מײַסטער!

קין

װאָס האָסטו װידער מורא, אַלטער נאַר?
װאָלסט בעסער אױפֿגעפּאַסט דאָ דערװײַל אַ פֿענצטער —
אַ מאָדנע ענגשאַפֿט, זעסט דאָך, אין דער לופֿט,
און שװערער צער...

דער סופֿלער

דערפֿאַר־אָ טאַקע האָב איך מורא —
דערפֿאַר!

קין

פֿאַרװאָס — דערפֿאַר?

ד ע ר ס ו פ ל ע ר

פאַר דעם פאַרשאָלטענעם, דעם משפט-אַקט
פֿון דער פאַרפלוכטער יידן-דראַמע...

ק י ן

נישט יידן-דראַמע, פרײַנט מײַנער,
נישט יידן-דראַמע, נאָר אַ קריסטלעכע קאָמעדיע,
אַ ביישטייער צום עוואַנגעליום
פֿון אַלטן גוטן וויליאַם!
און, איבעריקנס, זעסטו דאָך פֿון אַלע דאָ — די לײַט
איז אפשר דער איינציקער דער שײַלאָק,
וואָס אין זײַן צאָרן איז גערעכט און הייליק —
אין דער מיאוסקייט פֿון גאָר דער וועלט
פֿון שעקספירן איז ער אַוועקגעשטעלט,
אַלס שענסטער...
עפֿן אויף אַ ווײַל דאָס פענסטער!

(דער סופלער עפֿנט אַ פענסטער, רײַסט זיך אַרײַן אַ ווינט און לעשט אויס די ליכט. אויף דער בינע ווערט טונקל, און קין־שײַלאָקס מאָנאָלאָג ווערט פֿון צײַט צו צײַט איבערגעריסן דורך בליץ, ווײַטן דונער און האַנט־פּאַטשערײַ פֿונם אומגעדולדיקן עולם אין דעם אימאַגינירטן צושויער־זאַל. אויף דער הינטערגרונט־וואַנט ריסעווען זיך פֿאַמעלעך אויס די שאָטנס, וואָס קין־שײַלאָק זעט זיי אין דעם גערייכטס־אַקט).

ד ע ר ס ו פ ל ע ר (ציט זיך צוריק)

איך גיי נאָך פײַער!

ק י ן

גיי! גיי!
ברענט אַלע צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

(בליצן און נאָענטער דונער)

גייט אַלע אויפֿן פײַער!
וואָס ווילט איר?
וואָס פאַרלאַנגט איר?
וואָס האָט איר אַנגעזעצט זיך אויף מײַן לײַב און לעבן?
וואָס פלאָגט איר מיר מײַן האַרץ און מײַן נשמה?
גייט אַלע, גייט נאָך פײַער —
צו ברענען מיך אויף שײַטערהויפנס פֿונם שקר,
וואָס אָנגעלייגט איר האָט,
נעמענדיק אַלס עדות אײַער אומשולדיקן גאָט,
אין משך פֿון יאָרהונדערטער דורך אײַך פֿאַרשאָלטן...
ס׳איז יעדער טאָט פֿון אײַך
אַ פּאַטש צוגלייך
אין אויסגעבלוטיקטן און וואַקסן פּנים זײַנעם,
באַליידיקונג און לעסטערונג צוגלייך —
אַז אין זײַן נאָמען האָט איר מענטשן פֿײַנט,
איר טוט גאָטס קינד פֿאַרלעצן,
און יעדער חטא און ביטערע עבירה
באַזוויכט איר מיט דעם נעפּל פֿון געזעצן.
און אים פֿאַרשלײַערן — אָט-דאָס-אָ קאָנט איר,
אין אײַער העסלעכקייט און פּלאָנטער!
בע-בע! ר׳מוז אײַער גאָט
אײַערטוועגן זײַן אַ פּאַטריאָט!

(בליץ און דונער)

טראַמפּלען מוז ער אין בלאָטעס און זאווייען
מיט אײַערע די קעלבערנע אַרמייען,
און דער-עיקר —
צוריסט איר אים אויף שטיקער,
מחמת גרויסער ליבשאַפֿט,
מחמת גרויסער טרײַשאַפֿט
מן הסתם —
יעדער וויל פֿאַר זיך אַ גרעסער גאָטן-שטיק,
כּדי אין גיהנום-פּלאַם

פון אומזיניקן קריג
באַקומען אַ וואָס מעמער, שמאַלציק שטיק,
אַ זייטל ביילאָק!
אויף פרומע
קרומע
טומאה
שרייט איר: חיליק! חיליק! חיליק!
(שמאַרקער בליץ און דונער. און אין דער טונקלקייט שניידן
זיך בולטער אַרויס די שיילאָק־געשטאַלטן פון דער געריכטס־סצענע
נאָך אַ קורצער פויזע)

## ק י ן

יאָ, איך, שיילאָק —
וואָס האָב איך דען געטון אייך שלעכטס?
וואָס האָב איך דען ביי אייך אַוועקגענומען
וואָס־דען צוגערויבט?
צי האָב איך דען פאַרטריבן אייך אויף וואָגל און אויף עלנט?
צי האָב איך צוגענומען אייער היים און ערד?
צי האָב איך אייך מיט וואָס פאַרראַטן?
צי אייך געצוואונגען, —
אָדער אפשר גאָר געשטערט
צו שאַפן אייערע געבאָטן און געזעצן?
צי האָב איך דען מיט וואָס באַליידיקט, צי געשעדיקט —
די אויסגעצייכנטע מאָראַל פון פּרעכטיקן ווענעדיק?
פאַרקערט —
איך האָב געטאָן אַלץ און געהאַנדלט
לויט מיין געוויסן, און לויט אייער דין,
פון מענטש אין אַ מאַשין
פאַרוואַנדלט,
זיך אָפּגעשטעלט און זיך געריבנט
ביז צולעצט



מיט יעדן אות פון אייער יושר און געזעץ,
ביז איר האָט מיר מיין איינציק קינד,
מיין אויג אין קאָפּ,
די טאָכטער מיינע —
מיין דזשעסיקאַ
אַוועקגענגבעט,
אומגעשט — אומזיסט,
און מיך אין אויגן אירע ביז עקל און פאַראַכטונג טיף פאַרמיאוסט
ביז מעיז פנים —
איר האָט אַוועקגערויבט מיר מיין פאַרמעגן:
דאָס גאָלד און זילבער
דאָס איינציקע געווער,
וואָס קאָן מיך שיצן
אינם ווילד־וואַלד פון אייערע צדיקים און גזלנים!
איר האָט מיך אויסגעטון פון אַלץ,
פון ווירדיקייט, פון שטאָלץ, פון כבוד —
און כישטיי אין גאָר דער וועלט,
געקלעמט, געוואָרגן און געקאָוועט
מיט שטריק אויף האַלדז!
זאָל איך אייך איבערחזרן דעם גאונס ווערטער:
אַז יעדער וויי, עס טוט מיר וויי, ווי אייך,
אַז סיאונטערליגט מיין גוף און מיין נשמה
די כללים, וואָס אַ יעדערנס בן אדם.
אַז כיבין קיין אויסנאַם נישט,
קיין יוצא מן הכלל!?!

(בליץ און דונער)

וויי־וויי, אָ, גרויסער דאָזש פון ווענעדיג דער שטאָט!
דו זע נאָר, וואָס סידערלויבט אייך דאָס געזעץ:
מיין טאָכטער, מיין דזשעסיקאָ,
אַ נאַרישע פאַרפירטע מיידל,

און פּאָרציאַ —
מײַן טיפסטער נויג... און דרך ארץ...
און סימפּאַטיע...
פאַר הויך-און-װױלגעבוירענער אַריסטאָקראַטיע —
און פּאָרציאַ — אַ כיטרע,
שפּעקולאַטיװע בתולה,
די בײדע
האָבן זיך פאַרשטעלט,
פאַרקלײדט אין מענער-קלײדער —
און זענען מײַנע ריכטער!
זײ משפּטן מיך איצטער
מיט שפּיצל איבערשפּיצטן
דערפאַר, װאָס כ'פאָדער מײַנס —
ס'גערעכט זײַן מײַנס דערװײַזן!
איר פרעגט: דערװײַזן, װיל איך װאָס —?
דערװײַזן װיל איך נעמלעך דאָס,
אַז בלינד איז דאָך געזעץ פון אײַך,
נישמאָ אין אים דער געטלעכער — דער אות,
דאָס אצבע אלוקים...
איך װיל באַװײַזן,
אַז האַרץ און גײַסט,
עס קאָנען נישט און װעלן קײנמאָל רעגולירן
שטאָל און אײַזן..
דאָס מעסער אָט, װאָס אויסגעאַרבעט איז דורך אײַך צום שעכטן
דאָס רוב און מערסטנטײל —
דעם גלײַכן און גערעכטן!

(דער סופלער, װעלכער זעט אגב אויס, װי שעקספּיר, גײט אײַליק אַרײַן מיט אַ ליכט אָנגעצונדן).

װער איז דאָ, װער?
איר, מיסטער שעקספּיר?



דער סופלער

װאָס רעדט איר, מיסטער?
כ'בין אײַער פרײַנט —
דאָס בין איך... דער סופלער?

קין

װער װידער?
דער טײַװל האָט אים דאָ געבראַכט צוטראָגן!
געמאַך לאָז
מיט דעם ליכט — דעם תכלית...
איך דאַרף נישט איצט
מען זאָל מיר אונטערזאָגן!

(װינט לעשט װידער אויס די ליכט. שװערע פּויזע)

קין

איך ברויך נישט ס'אונטערזאָגן —
כ'קאָן און װעל אַלײן!
בע-בע!
ס'געפעלט מיר, פרײַלײַן...
ס'געפעלט מיר — טאָכטער מײַנע.
מיט פּאָרציאַ,
מיט גערעכטיקײט
מיט אויגן, װאָס איר האָט פאַרבונדן
מיט אַ דורכזיכטיקן שפּינװעבס!
איר זאָגט,
אַז אויספירן איך מעג לויטן געזעץ
און לויטן אָפּמאַך
מײַן נקמה!
אָבער — מיט פּאָרציא, גערעכטיקײט:
איך בין נישט אויסן קײן נקמה,
מיט בלוט פאַרשמירן מײַנע הענט —
כ'בין אויסן בלויז עקספּערימענט!

אַלזאָ,
איך מעג, זאָגט איר, ווי אָפּגעמאַכט
פון שונא מיינעם
אַ פונט פון האַרץ-פלייש שניידן —
דאָס, זאָגט איר, איז דערלויבט
דורך ווענעציאַנישן געזעץ!
נאָר פאַר מיר —
אין דעם געזעץ פאַראַן איז אַ קלויזולע,
פאַר מיר, דעם יידן שיילאָק,
נאָר דערפאַר. ווייל כ'בין אַ ייד — —
איך מעג אייך, לויטן יושר שניידן,
אָבער ס'מאָר נישט זיין
נישט מער און אויך נישט ווינציקער:
איין פונט נאָר אויסגעשניטן!
און נאָך אַ זאַך —
קיין טראָפּן בלוט עס טאָר נישט זיין דערביי!
כע-כע! ס'איז גאָרנישט שלעכט!
ס'איז אויסגעצייכנט צוגעטראַכט,
ווי פאַר אַ חוצפּהדיקן ייד, וואָס פאָדערט דווקא, אומבאַדינגט
זיין רעכט!

און —
(שפּרינגט צו צו זיין בלוט־שונא, אַנטאָניאָ און שניידט)
כאַ-כאַ-כאַ —
איר זעט אַליין: —
איר זעט!... איר זעט?...
נישטאָ קיין סימן פון אַ שטיקל האַרץ
נ י ש ט אָ!...
אוי, כאַ-כאַ-כאַ!
און זעט!
און זעסט, דו נאַרישע... דו, טאָכטער מיינע...



בײַ מיר איז — דאָ!
(שטעכט זיך אַריין דעם מעסער אין ברוסט אַריין און פאַלט צו דר'ערד. דער סופלער לויפט אַרויס מיט'ן געשריי: „אַ דאָקטאָר!" און קומט אָן פאַרן געפאַלענעם פאַרהאַנג).

## דער סופלער

הויכווילגעבוירענער און פיינער עולם,
אַן אומגליק גרויס פּאַסירט האָט מיטן מייסטער עדמונד קין.
עס האָט אַרומגענומען היינט דער גרויל אים,
איז ער נישט פאַר אייך געדאַכט, אַצינד — פון זין.
נון — על כן, ממילא וועט ער נישט צו אייער דיספּאָזיציע
סקאַנדירן מער פון וויליאַם שעקספּיר די געטלעכע מליצה!

באַמערקונג: „שיילאָק לאַכט" איז געווידמעט אברהם מאָרעווסקי'ן, און איז דורך אים (קין) און אברהם קורץ (סופלער) צום ערשטן מאָל געשפּילט געוואָרן אין לאָדזש.

# סאַלווע, בענעדיקטע!

(אין אַמסטערדאַם. ביים דאָקטער און פילאָזאָף וואַן־דען־עמדען אין שטוב. פון אַ צווייט צימער הערט מען שפילן — אַ ליכ־טיק שפילן פון יוגנט, גליק, האַרמאָניע. אין שטוב שלייכט אַריין שפּינאָזאַ, און בלייבט שטיין, צוהערנדיק זיך צום ניגון. דערנאָך — וואַן־דען־עמדען. שפּעטער: קלאַרטיע, וואַן־דען־עמדענס טאָכטער, און איר חתן: דידריך קערקערינג פון האַמבורג. נאָך אַ קורצער פּויזע:)

שפּינאָזאַ

קלאַרטיע... איר שפּילן... איך דערמאָן זיך,
וואָס ס׳לעבט אין מיר אָן אויפהער אינם הידערקלאַנג...
קלאַרטיע — די קלאָרקייט פון אַ בלום...

וואַן־דען־עמדען

סאַלווע! אָ, בענעדיקטע!
ביזט עס דו גאָר, בענעדיקטע?!.
ס׳האָט די דינכט דיך נישט דערקענט...
(אומאָרעמט שפּינאָזאַן)

שפּינאָזאַ

סאַלווע, דאָקטער!
אַז די דינסט דערקענט נישט, איז עס נישט קיין זעלטנקייט —
ס׳איז אָפט די מעלה אירע: נישט דערקענען...
פיל אומנאַטירלעכער איז: ס׳נישט דערקענען פון דעם האַרן
און וואָס איז ווערט אַליין: דאָס זיך דערקענען —



דאָס שווערסטע פונם שווערסטן!
דאָס אפשר נישט־דערגרייכבאַרע.
אָ, לערער!

וואַן־דען־עמדען

ווילסט זאָגן, אַז פאַר מיר איזיס נישט דערגרייכבאַר,
דו אומדאַנקבאַרער תּלמיד מיינער,
וואָס פון סקעפּסיס מיינעם ווילסטו דווקא מאַכן: גלויבן,
ווי ס׳איז פון אייביק אָן די טבע פון די יידן —
די נס־אַלכעמיקער
און לײדנשאַפטס־מכשפים!

שפּינאָזאַ

כ׳דערלויב זיך, לערער, איצט אין דעם צו צווייפלען:
איך ווייס נישט זיכער, צי עס איז אַזוי...
מיין ליידנשאַפט איז בלויז — און כ׳בין אויף אייביק דאָך אַ ייד! —
מיין ליידנשאַפט, מיין בלוט איז — אמת,
אַבסאָלוטער אמת —
אין אחד!

וואַן־דען־עמדען

וואָס איז נישט אַבסאָלוט און איז נישט איינציק!

שפּינאָזאַ

אין אורשפּרונג — אמת:
אין קורצן צענדליק דברות!
אין דונער־שריי פון ישעיהו!
אין ירמיהוס שרעקלעכן געיאָמער!
אין זעהעניש פון יחזקאל!

וואַן־דען־עמדען

ס׳איז קינדער־ווייג, מיין ליבער בענעדיקטע —

שפּינאָזאַ

איז וואָס דערפון געדרונגען:

אַ קינד זעט קלאָר און וואָרהאַפטיק —
דאָס קינד, וואָס טראָגט דעם שם המפורש
פון יונגן בליהען און פון וואַקסן,
און קומט נישט צום לפנימדיקן ווידערשפרוך פון אונטערגאַנג:
אָט דעם קינדס נ ב ו א ה
גלייכט זיך אויך מיט א י נ ט ע ל ע ק ט!

(קורצע פויזע. שלוס־אַקאָרד פון שפילען. וואַן־דען־עמדען כאַפט זיך, ווי איבערגעוועקט:)

ו ו א ן - ד ע ן - ע מ ד ע ן

זע נאָר, זע... אינגאַנצן זיך פאַרגעסן...
פאַר אייגענער רעכטפאַרטיקונג,
און וועלן זיין אין אָרדנונג מיט ז י י ן גאָט
שלעפט אברהם דער אַלטער זיין יצחקן צו דער עקידה,
און דאָקטער וואַן-דען עמדען... כאַ-כאַ-כאַ...
פאַרגעסט אין זיין קלאַרטיע — די בת יחידה זיינע...

ש פ י נ אָ ז א

קלאַרטיע... וואָס מאַכט קלאַרטיע?

ו ו א ן - ד ע ן - ע מ ד ע ן

אָ, בענעדיקטע!
ווייט איז זי נישט... גאָרנישט ווייט אַוועק...
ווי יעדער פרוי, זי זעט איר אויסלייזונג און אויפלייזונג
אין דעם קידושין-רינג...
ווי פריי די פרוי עס זאָל נישט זיין,
איז דאָס אייביק איר באַפרייאונגס-ציל!
און ווילסטו, בענעדיקטע, קלינגט עס אין דעם פאַל סימבאָליש:
די קלאָרקייט — קלאַרטיע
אין קערקער-רינג...

ש פ י נ אָ ז א

קערקערינג... פון האַמבורג?!! דיין תלמיד, דאָקטער?..



מיין יונגער חבר, קערקערינג?..

ו ו א ן - ד ע ן - ע מ ד ע ן

יאַ, ליבער מיינער,
בענעדיקט דע-ספינאָזאַ, פון הי, פון אַמסטערדאַם,
וואָס אייביקייט פאַרשטייט!
דיין חבר, דידריך קערקערינג פון וויטען האַמבורג,
ער האָט בעסער פיל פון דיר פאַרשטאַנען,
ווייל ער באַנעמט נאָר אויסשליסלעך דעם א י צ ט:

ש פ י נ אָ ז א

אויך דאָס איז אַ מדרגה,
וועלכע דאַרף נישט דעם געשליף פון מיינע גלעזער...
אָבער זי, קלאַרטיע...

ו ו א ן - ד ע ן - ע מ ד ע ן

יאָ, טאַקי זי... קלאַרטיע! קלאַרטיע!
איי, וועט זי זיך מיט דיר דערפרייען...
זי הערט נישט אויף פון וועגן דיר צו רייד[ן].
קלאַרטיע!

ק ל אַ ר ט י ע

יאָ, פאָטער!

ו ו א ן - ד ע ן - ע מ ד ע ן

הייסטו ווער עס איז צו אונז געקומען?..

ק ל אַ ר ט י ע

בענעדיקט!

ש פ י נ אָ ז א

קלאַרטיע!

ו ו א ן - ד ע ן - ע מ ד ע ן

און ווו איז קערקערינג?

ק ל אַ ר ט י ע

ער, דידריך?.. ער מאַכט זיין טואַלעט...

ער זאָגט: אין דער-אָ הינזיכט
ער איז דער היפּוך פון ספּינאָזאַן,
און מיינט, אַז —
די שיינע טראַכט דערהויבט דעם ווערט פון מענטשן!
נו, מאַכט ער אָפּט צורעכט זיין טואַלעט...

ו ו א ן - ד ע ן - ע מ ד ע ן

איך גיי עס מאַכן אויך לכּבוד אונזער גרויסן גאַסט!
טאָ חבֿר זשע, בענעדיקט:
די בלייבסט היינט נעכטיקן ביי אונז אויף זיכער...
אין דרויסן בלאָזט אַ שווערער ווינט פון ים...
און פינצטער איז — מען קאָן זיך אויסשטעכן די אויגן...
גלייך באַלד, אין אַ האַלבער שעה מיר וועלן עסן נאַכטמאָל,
און איצט, דערווייליקע גיי איך איבערטון זיך,
בלייבסטו דאָ אַ ראַציאָנעלן שמועס כאַפּן מיט קלאַרטיע —
געמאַכט?!.

(אָפּ. שפּינאָזאַ מיט קלאַרטיע קוקן זיך געגנזייטיק-לאַנג אָן)

ק ל אַ ר ט י ע

דאַכט זיך: בלוט פאַרטריקנט אויף דיין פּנים, בענעדיקט..
וואָס איז עס?

ש פּ י נ אָ ז א

ס'איז ווי געוויינטלעך, אַ ח ר ם - ש ט י י ן,
וואָס פליט מיר נאָך אין אַלע מיינע וועגן,
און טרעפט דערנעבנביי.
כ'בין לאַנג, שוין זייער לאַנג נישט דאָ געוועזן —
אין אַמסטערדאַם...
נאָר קאָרעגירנדיק מיין „אורשפּרונג און נאַטור פון ליידנשאַפטן"
און טראַכטנדיק:
„ווען מיר — מיר האָבן ליב אַ וועזן,
וואָס איז אַזוי ווי מיר אַליין,
דאַן שטרעבן מיר, ווי ווייט נאָר מיגלעך,



עס זאָל אונז ליב באַקומען אויך"...
נו, האָב איך פון מיין איינזאַמקייט,
פון מיינע גלעזער און פון ש פּ י נ ו ו ע ב ם
זיך אָפּגעווענדט אויף רוף פון דעם געפיל...
אַהערגעקומען,
און זע, כ'האָב נישט באַמערקט גאָר,
נישט געפילט,
ווי ס'איז אַ ש ט י י ן מיר נאָכגעפלויגן,
און שיר געטראָפן אין די אויגן...

ק ל אַ ר ט י ע

אַ, בענעדיקט!

(ווישט אים אָפּ דעם בלוט-פלעק)

ש פּ י נ אָ ז א

ס'וואָלט ווונדערבאַרן פּערל-שנור די טראָגסט, קלאַרטיע!
אַ ראַם אַ הערלעכער — אַ לויבגעזאַנג פון דער נאַטור,
אַ תּפילה צו דיין האַלדז, קלאַרטיע —

ק ל אַ ר ט י ע

אַלץ — דידריך...
ער האָט באַצאָלט דרייהונדערט גילדערנע פּיסטאָלן —
זייער טייער!

(שפּינאָזאַ לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ. הוסט. לענגערע פּויזע)

ש פּ י נ אָ ז א

ניין... ס'איז נישט טייער — ס'האָט דעם ווערט —
ס'איז ביליק, וואָס נאָך ביליקער עס קאָן נישט זיין!
מיר דוכט זיך אויס אַצינד,
אַז כ'וואָלט מיין גאַנצע ליבע
צו גאָט און איינהייט,
די גאַנצע וועלט מיינע אַנטדעקונגען
פאַר דעם אַפּעקט פון אָט די פּערל,
קלאַרטיע!

ק ל אַ ר ט י ע

דו מיינסט עס אמת־דיק אַזוי?
אַזוי געפעלן זיי דיר?
דער פאַטער האָט מיך אויך פאַרזיכערט,
אַז דאָס מאָל איז עס דידריכן געראָטן:
אַז זיי פּאַסן... אַז זיי קליידן מיר...
און, ווייסט דאָך, בענעדיקט,
דער פאַטער גיט מיר לעצטנס זייער חייניק נאָ־
געפינט אין מיר אַ סך דעפעקטן —
ער צווייפלט אין מיין טוגנד —
אין מיינע קענטעניסן אין לאַטיין, און אין אַלט־גריכיש!

ש פּ י נ אָ ז א

אַ, דאָ קאָן איך זיין אַן עדות...

ק ל אַ ר ט י ע

ער זאָגט מיר אָפּ באַהאַוונטקייט אין קלאָרקייט פון דיין דענקען:
די צוגעבונדנקייט צו דיר...
וואָס דאַרפסטו מער:
ער מיט זיך אָפּט אפילו מיך צו מיידן,
און לעצטנס — נישט געוואָלט מיך נעמען קיין פּאַריז...
און אויסריידן געמאַכט — פאַרענטפערט זיך מיט פיל פאַר־
שידענע געפאַרן...

עס האָט מיך מער נישט ליב דער פאָטער!

ש פּ י נ אָ ז א

איך גלויב קוים —
דער קלוגער דאָקטער וואַן־דען־עמדען?..

ק ל אַ ר ט י ע

יאַ, יאָ, דער פאָטער...
ער גיט אפילו אָפּט מיר אָנצוהערן,
אַז כ'בין אַ לאַסט אים צו זיין עלטער...
יאַ, בענעדיקט...



וואָלסט אויך אַזוי די אָרימע קלאַרטיע באַהאַנדלט?

ש פּ י נ אָ ז א

אַ, קלאַרטיע!
איך בין אַנטשלאָסן איצט צו מקריב זיין מיין גרעסטע טוגנד —
מיין אַבסאָלוטע פרייקייט,
מיין — אַ ל ץ!
איך וועל פאַרבויגן אויף דאָס טייערסטע פון מיר — פון א מ ת!
כ'וועל לאָזן זיך אויף קרום־וועג פונס קאָמפּראָמיס!
כ'וואָלט געטינערט פונס פאַרגעניגן זיך צו לערנען,
און אַנדערע געגאַנגען לערנען...
איך האָב אַ פאָרשלאָג פונס קורפירשט קאַרל־לודוויק!
אַ פאָרשלאַג — איבערנעמען אַ קאַטעדרע,
מיט בעסטע צוזאָגן...
איך האָב דעם פאָרשלאָג אָפּגעזאָגט —
איך האָב אים אָפּגעווענדט...
נאַר כ'קאָן... איך האָב נאָך צייט חרטה האָבן...
און, קלאַרטיע...
וועסט מיטפאָרן מיט מיר קיין היידעלבערג...
וועסט מיטפאָרן...

ק ל אַ ר ט י ע

וואָלסט געוואָרן אויס שפינאָזא... און דאָס־אָ וויל איך נישט!

ש פּ י נ אָ ז א

אפשר וואָלט איך אָנהויבן צו גלויבן
אין עקזיסטענץ פון די מלאכים...
אַ, מאַך מיך אין מלאכים גלויבן!

ק ל אַ ר ט י ע

אָבער, בענעדיקט... פאַרגעסט, דו ביזט אַ ייד!..

ש פּ י נ אָ ז א

ווען ס'וואָלט אַזוי געווען —

ווען ס'וואָלט אַזוי געווען —
אַ ייד איז פונקט אַ זעלטנקייט אַזאַ, ווי ס'איז אַ קריסט!
און דו, קלאַרטיע, דו ביזט דאָך אויך קיין קריסטין נישט!

ק ל אַ ר ט י ע

איך ווייס נישט —

ש פּ י נ אָ ז אַ

איך ווייס עס יאָ!
און איצט באַשטעטיקסטו דאָס — זייער דייטלעך, קלאַרטיע,
איך וויל נישט נאַרן זיך מיט האָפענונג און מיט חלומות...
כ'האָב אָפּגעטראָטן אויף אַ ווײַלע פון דעוויז,
וואָס אויסגעקריצט איז אויף מיין רינג —
אַ ווײַלע בין איך עובר נאָר געווען אויף „פּאָרזיכטיי",
און באַלד באַקומען אויסגעפּאַטשט פון ספק,
בעת ס'איז פאַר מיר פון אייביק אָן, אַ כּלל:
אַז גאָט איז אויך אַ קערפּער,
און אַז מלאכים זענען נאָר אַ חלום!
טאָ זיי מיר מוחל איצט,
און גליקליך זיי, קלאַרטיע —
איך קאָן שוין גיין —

ק ל אַ ר ט י ע

וווּ ווילסטו גיין איצט?
ביזט דאָך אָקערשט-ערשט געקומען...
דער פאָטער וועט עס נישט פאַרשטיין...
און דידריך וועט דאָך ווערן אויסער זיך — פאַרוואונדערט...
ער פאַרגעטערט דיך...

ש פּ י נ אָ ז אַ

וווּהין כ'וועל גיין?
נישט „פּער אַספּערא אַד אַסטראַ" —
נישט דורך ליידן צו די שטערן!
נאָר גיין וועל איך צו זייער גלייכן — צו דעם זאַמד!



די שטערן וויל מען האָבן פאַר מזלות,
און, ווייסט דאָך, טייערע קלאַרטיע,
איך האָב דיר שוין אַמאָל געזאָגט,
אַז ס'ווערט געבראַכט אַ מערקווירדיקער מדרש,
ווו עס שטייט בפירוש:
„אין מזל לישראל"...
גערעכט, קלאַרטיע: איך בין אַ ייד,
און כ'וועל זיך לאָזן גיין צוריק
צו מיינע עלטסטע לעבעדיקע ווערנס אויף דער ערד —
צו מיינע שפּינען,
וואָס פיינט מ'האָט אַזוי פאַר זייער טראָגן פייער צום בית מקדש,
פּונקט, ווי ליב מען האָט היסטאָריש
די פעטע, זאַטע שטאָפּ-גענדז
פאַר זייער יחוס:
פאַר זייער ראַטעווען דאָס אַלטע רוים!
דו זעסט אַליין דאָך:
סיי די שפּינען, סיי די גענדז —
זיי זענען פאַר דעם כּלל ישראל נישט גינסטיק!
(פאַרהוסט זיך. שפּייט אין אַ טיכל)

ק ל אַ ר ט י ע

אַ!.. דו שפּייסט מיט בלוט?..

ש פּ י נ אָ ז אַ

צום ערשטן מאָל איצט —
אַ גרוס פון טויט...
וואָסיטו זיך דערשראָקן, קלאַרטיע?
מיך שרעקט נישט טויט —
ס'איז נישט אַזאַ דערשיינונג אין דער אייביקייט בנמצא!
(מיט אַ שמייכל)
ווי אַלאַדם אַנדערע,
כ'בין נייגעריק דעם טויט צו איבערלעבן...

ק ע ר ק ע ר י נ ג
און אַט בין איך, מיין מ ל אַ ך!
האָט עס לאַנג געדויערט?

ק ל אַ ר ט י ע
אַך, דידריך...
דערקענסטו נישט?..
חער בענעדיקט ספינאָזאַ...

(שפינאָזאַ שטרעקט אויס זיין האַנט)

חער דידריך קערקערינג...

ק ע ר ק ע ר י נ ג
כיבין גליקלעך!
כיבין גליקלעך אייך צו ל ע ר נ ע ן קענען!

ש פ י נ אָ ז א
כיבין גליקלעך אייך צו ק אָ נ ע ן לערנען!
נאָר כימוז שוין לײדער גיין...
איר וועט מיר, טייערסטע, איצט מוחל זיין,
און אויך געווינען די אַנטשולדיקונג פאַר מיר ביי אייער פאָטער!
ס אַ ל ו ו ע!

(פאַרנייגט זיך טיף. אָפּ. קלאַרטיע און דידריך, געאָרעמט, קוקן אים שטום נאָך. אפילו נאָך זיין אַוועקגאַנג. וואַן־דען־עמדען קומט אַן, רייבנדיק זיך די הענט. ער דערשיינט מיט אַ שמייכל. בעת ער דער־זעט אָבער, אַז שפינאָזאַ איז נישטאָ, ווערט דער שמייכל אָפּגעמעקט פון זיין פנים. ער צושפּרייט די הענט).

ו ו אַ ן - ד ע ן - ע מ ד ע ן
אַן אויסטערלישער ייד, דער ברוך־בענעדיקט!
סיטוט ווי אַריינצוקוקן אין זיין וועלט —
עס בלענדט,
און ווי אַזוי ער רייסט די אויגן!
געדענקט איר, קינדער,
אויף שוועל פון טויט —



טוב ספעציע עטערניטאַטיס,
האָט דער אַלטער אויפריכטיקער גריך סאָקראַטעס דערקלערט,
אַז וויסן ווייסט ער נאָר איין זאַך:
דאָס ער ווייסט גאָרנישט,
און אָט דער יונגער ייד,
וואָס אָקערשט איז אַוועק אין נאַכט,
מיר ווייזט זיך אויס... מיר דאַכט,
אַז ער האָט אַלץ דערקענט,
אַז ער ווייסט אַלץ!
נישט וואָר, מיין ליבסטיק טאָכטער —
מיין נישט דערגאַנגענע קאַנטיפּע?!.

# בלשאצר

(דעקאָראַציע: אַ באַבילאָנישער געצן — פאַרנעמט דעם גאַנצן שטח פון דער בינע. ער איז די אייגנטלעכע ראַם פונעם בילד, וואָס ווערט דאָ געוויזן.

סיי די דעקאָראַציע, סיי די קאָסטיומען, סיי דעם אַלגעמיינעם ריטם פונעם שפּיל כאַראַקטעריזירן שאַרף, קוביסטיש, מיט אַ געאָמעטרישער אויסגעצייכנטקייט און שטרענגקייט. די אַקציע קומט פאָר אינעם אינגעווייד פון געץ, אין אַ מין גלייכווינקל, אָדער האָריזאָנטאַל-אויסגעצויגענעם ראַמב. דרויסן — לינקס אין דער קווער — אַ הויכע וואַנט פון בלשאצרס פּאַלאַץ, אויפן פאָן פון ווענט, ד. ה. אינדרויסן, עס שטייט שפּעטער דניאל. פון דעם לאַנגן טיש שטראָמט אַן אומרואיק ליכט — פּורפּור-רויט און ברוין — אויף די פּנימער פון בלשאצרן, זיין ווייב, די קיניגין און די האַרן און האַרינטעס פונעם לאַנד, וועלכע שוין איצט ביי דער וויין-סעודה. ביי איין-און-איינציקן, פון דער שטילסטער פּיאַנאָ ביזן העכסטן אויפשריי שטייגנדן אַקאָרד, עפנט זיך דער פאָרהאַנג).

א י י נ ע ר

זאָל לעבן דער קיניג בלשאצר!

אַ ל ע

זאָל לעבן!

ב ל ש א צ ר

ס׳איז טויזנטער מאָל שטאַרקער
און זיסער



דער אַלטער וויין
אין כלים — אָט די כלים!

אַ ל ע

חייל אים! חייל דעם קיניג!
חייל!

ב ל ש א צ ר

אין אָט די כלים גילדערנע
און זילבערנע
פון חרובין בית מקדש,
וואָס ס׳האָט מיין פאָטער,
דער קיניג נבוכדנצאר
בערויבט אין ירושלים!

אַ ל ע

לחיים! לחיים! לחיים!

ג ע ז אַ נ ג

פאַר געטער פיל פון גאָלד,
פון זילבער, קופּער, אייזן,
פון שטיינער און פון האָלץ,
וואָס גבורות גרויס באַווייזן
לחיים! לחיים! לחיים!
זיי זענען שטאַרק ביז גאָר
מיט זייער טויבן שטומען,
דורך זיי — מיט זייער הילף
דעם שונא איינגענומען
מיר האָבן! מיר האָבן! מיר האָבן!
מיר האָבן דרייסט און מוט
ישראלס גאָט צו שטערן!
ס׳איז סם יהודהס בלוט,
און גיפטן — זיינע טרערן!

מיר שווערן! מיר שווערן! מיר שווערן!
מיר שווערן: פיינט פון אונז
צו מאַכן פאַר אבלים!
איז — אויסגעזופּט דעם ווײַן,
געשפּיגן אין די כּלים!
הייל אים! הייל אים! הייל אים!!!

(טײַבער, פּינסטער־דראָענדער פּויק־אָנזאָג. ביי אַ טונקל, מיט בליצן דורכגעצימערטער ליכט אויף דער קווער־וואַנט אַנטפּלעקט זיך אַ האַנט).

### ד י ה אַ נ ט

(צייכנט מיט פייער „מנא מנא תקל ופרסין", און פאַרשווינדט).

### ב ל ש א צ ר

וואָס שטייט איר,
און וואָס גאַפּט איר וואָס,
פאַרלוירן אינם פּחד?!!
אַהער געגענט דאָ, גיכער, שנעל,
איר וואָרזאָגער, מכשפים,
חכמים, טרעפערס מיינע,
איר שטערנקוקערס קלוגע —
קומט נעענטער אַהערצו, פלינק,
און לייענט דאָס געשריפט,
און זאָגט מיר זיין באַדייט!

(אינטערמעדיע: אונטער מאַרש־מוזיק, סאַקסאָפאָן־געלעכטער, שפּרייזן פאָרגס אַרויס אַ מכשף, אַ שטערנקוקער, אַ חכם — דריי גראָטעסקע געשטאַלטן).

### ע ר ש ט ע ר

זאָל מוחל זיין דער גרויסער האַר און קיניג!

### צ ו ו י י ט ע ר

אַזוי ווי כּיוויים נישט — זאָל עס מיר נישט שאַטן!



### ד ר י ט ע ר

(צמאַקעט, באַוועגט קאָמיש מיט די פּלייצעס)

### ב ל ש א צ ר

ווער לייענען עס וועט דאָס שריפט
און זאָגן זיין באַדייט,
וועט גלייך אַ פּורפּור-קלייד באַקומען,
אַ גאָלדן קייט וועט קריגן אויפן האַלז,
און וועט צום קיניגן מיר זיין אַ דריטער

### מ כ ש ף

מנע... מנע...
איך חיים?
אַ יודיש וואָרט איז עס, דאָס „מנעי",
און צוויי מאָל מנא, איז צוויי מאָל — מנע...

### ש ט ע ר נ ק ו ק ע ר

דער טייטש פון מנע איז — מנע...

### ח כ ם

אוודאי — מנע...
ני-בע, ני-מנע...

### ב ל ש א צ ר

גוט!
נו, ווייטער!

### מ כ ש ף

תקל... טקאַל . טקול, טקויל...
עס רעדט זיך שווער אַרויס פון מויל...

### ש ט ע ר נ ק ו ק ע ר

און אפשר מאַכט עס — טעקל...

### ח כ ם

דו ביזט אַליין אַ טעקל —
טעקל גאָר? געהערט אַ מעשה!!!

די זעסט דאָך: תיוּה, קוֹף, למד —
מאַכט רש״י: ביזט אַ שטיק מלמד!

מ כ ש ף

אָבער פּרסין —
וואָס-זשע מאַכט ופרסין?!!

ש ט ע ר נ ק ו ק ע ר

פּאַרסין... פּאַרסין...
אַ מיאוס וואָרט —
אַ חידוש: די געטלעכע צענזור האָט דורכגעלאָזט...

ח כ ם

ופרסין —
דאָס בין איך שוין נישט, קיניג,
איך בין דאָך נישט מחויב אַלץ צו וויסן —
אַלץ צו טרעפן:

(אונטער דער זעלבער מוזיק — אַלע דריי אָפּ).

ב ל ש א צ ר

ווער לייענען עס וועט דאָס שריפט
און זאָגן זיין באַדייט,
וועט גלייך פון מיר אַ פּורפּור-קלייד באַקומען.
אַ גאָלדן קייט וועט קריגן אויפן האַלז,
און וועט צום קיניגן מיר זיין דער דריטער

(לענגערע פּויזע)

ק י נ י ג י ן

לעבן זאָל מיין האַר, דער קיניג אייביק —

אַ ל ע

לעבן זאָל דער קיניג אייביק!

ק י נ י ג י ן

זאָל זיך, קיניג, דיין געדאַנק נישט שרעקן,
איי־ער ווייסט נאָך דעם באַשייד —



מיין האַר און קיניג!

אַ ל ע

האַר און קיניג!

ק י נ י ג י ן

און דעם באַשייד — איך רעכן —
וועט געפינען
דער מאַן דער הייליקער און קלוגער,
וואָס ס׳האָט זיך נאָך צום פּאָטער דיינעם,
צום קיניג נבוכדנצאַר
אַרויסגעוויזן
מיט זיין טיפער חכמה.
געיירשנט פון דעם גאָט פון אַלע געטער,
און וואָס זיין נאָמען איז —
ד נ י א ל!

אַ ל ע

דניאל! דניאל!

ק י נ י ג י ן

דער פּאָטער דיינער,
דער קיניג נבוכדנצאַר,
האָט אים פאַר דעם הויפּט געמאַכט
צו שטערנקוקערס אַלע און חכמים —
דניאל איז זיין נאָמען!

ב ל ש א צ ר

תיכף זאָל מען ברענגען דעם דניאל!

ד נ י א ל

(פּלוצלינגע דערשיינונג)

כ׳בין דאָ,
בלשאצר מלך בבל!

ב ל ש א צ ה

ביזטו דאָס —

דער דניאל,
וואס מיין פאטער. דער קיניג נבוכדנצאר,
געבראכט האט פון יהודה
אהער קיין בבל?

ד נ י א ל

דאס בין איך, קיניג.

ב ל ש א צ ר

דו זעסט די שריפט דא אויף דער וואנט,
דעם אויסטערלישן פייער-כתב?

ד נ י א ל

איך זע —

ב ל ש א צ ר

טא לייען איבער
און זאג מיר דעם באשייד —
און — וועסטו עס דערפילן,
באקומסטו גלייך א פורפור-קלייד,
אויף האלז א גאלדן קייט,
און וועסט צום קיניגן מיר זיין דער דריטער!

ד נ י א ל

איך דאנק דיר, מלך בבל, פאר דער גוטסקייט פון דיין הארץ —
פאר דיינע הערלעכע מתנות!
דו קאנסט זיי די חכמים —
דיינע אייגענע פארשענקען:
כּיוועים — אפשר בעסער, גרעסער, קליגער
וועלן זיי דערפון דאן ווערן —
מיר אבער
דאס וועט נישט העלפן און נישט שטערן
צו לייענען דעם פייער-כתב,
געשריבן אויף דיין וואנט,



דורך א פארבארגענע האנט,
פון הימלען ווייט אהער געטראגן.
איך וועל דעם אמתן באדייט
דיר פרווון זאגן,
א, קיניג פונם בבל-לאנד,
בלשאצר!
טיג צו דעם אויער דיינעם,
און הארך!

(מוזיק פויזע)

ס'האט גאט דער איינציקער,
דער מלך מלכי המלכים
געשענקט דיין פאטער א מלוכה —
גרויסקייט, רייכטום, כבוד אים פארשאפן,
פיעשירות פון דער וועלט.
און ס'האבן פעלקער, לענדער
פאר זיין קראפט און מאכט געציטערט!
אלץ —
תענוגים אלע,
דיין פאטער האט געגאסן,
נישט געווען פאר אים איז גארנישט א מניעה,
ס'איז אלץ געווען געהארכזאם, אונטערטעניק
צו זיין באפעל און זיין פארלאנג!
נאר בעת דערגרייכט האט ער
צו העכסטער הויך
פון פרייד. פון מאכט
און עולם-הזה-פארגעניגן,
האט זיך געמערט ביי אים
אין הארץ און גייסט — די זינד,
און מורד איז איז אים דאס פאלק געווען —
געשליידערט אים פון קרוין-שטול,

באַרויבט זיין מלכות,
און אים פאַרטריבן אין דער מדבר,
פאַריאָגט פון מענטשן,
צווישן ווילד-אייזלען געלאָזט אים וווינען,
געלאָזט אים פרעסן גראָז,
ווי ס׳פרעסן אָקסן,
צו חיה רעה אים געמאַכט,
ביז —
ביז דערקענען וועט ער גאָט,
דעם גאָט פון אַלע מענטשן,
דעם גאָט פון גאַרער וועלט,
דעם מלך מלכי המלכים,
וואָס ס׳איז פאַר אים דער מענטש אין אומעטום,
אַן עפר ואפר —
אַ גלייכער פאַר זיין ווילן און באַפעל!
(מוזיק פויזע)

און דו, אָ, קיניג,
דו, זון נבוכדנצארס,
דו ווייסט דאָך אַט דאָס אַלץ —
דו ווייסט דעם סוף פון יעדער זינד;
און דאָך איז נאָך אין דיר
די בייזע מוט
אין האַרצן נישט געפאַלן:
דו נעמסט די כלים הייליקע פון חרובין בית מקדש
און מאַכסט זיי אומריין
מיט די לעפצן זינדיקע
פון דיר און דיינע האַרן;
דו זויפסט פון זיי דעם שכרות-וויין,
און שפייסט אין זיי אַריין;
דאָס זעלבע איז עס,



ווי דו וואָלסט
דאָס בלוט דאָס הייליקע
געזויגן און פארשוועכט!
דו אַכפּערסט און דו לויבסט
די אומגעלומפּערטע —
די טויב-און-שטומע געצן דיינע,
וואָס זעען נישט, וואָס הערן נישט,
וואָס אַנען נישט אפילו,
ווער ס׳האָט זיי געמאַכט,
און ווער — זיי אויסגעשניצט פון האָלץ,
ווער עס האָט זיי אויסגעהאַקט פון שטיין,
ווער אויסגעשמידט עס האָט זיי פונם אייזן,
פון גאָלד, פון זילבער און פון קופּער
זיי געמאַכט!

און אונזער גאָט —
דעם גאָט פון אַלעמען,
דעם איינציקן און דעם גערעכטן,
וואָס ס׳ליגט דער אָטעם אונזערער
אין זיין רשות,
וואָס רופט אונז אַלע אין די וועגן זיינע,
אום אים-צוגלייך מיר זאָלן ווערן —
אים ווילסטו נישט,
אַ מלך בבל,
נישט הערן און נישט קענען!
נו, לאָזט זיך דאַ זיין שטראָפנדיקע האַנט
צו דיר דערקענען —
און פון דער העכסטער הויך געטריבן,
די סודותדיקע האַנט
אויף וואַנט אָט-דאָ האָט אָנגעשריבן:
מנא מנא תקל ופרסין!

אַ ל ע

מנע-מנע-טעקעל-אופארסין...

ד נ י א ל

מנא באַדייט:

ס'האָט גאָט איבערגעציילט

די יאָרן און די טעג פון מלכות דיינעם!

(געריוש פון קולות)

תקל — די זינדיקע מעשים דיינע

געהויבן אויף דער וואָגשאָל!

(געריוש פון קולות)

ופרסין — דאָס באַדייט:

דיין מלכות וועט צושמעטערט ווערן,

און זיין אַוועקגעשענקט

צו פרס און צו מדי!

(געריוש פון קולות ווערט אַלץ שטאַרקער)

כה אָמר אַדוני —

אַזוי געזאָגט האָט גאָט,

דער האַר פון אַלעמען און אַלע!

(קאַמף פון ליכט. דער פריהערדיגער ניגון, נאָר אָן ווערטער, מיט בליץ און דונער פאַלט אַריין דער אַריינפיר־אַקאָרד, אָבער ער גייט אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. פון פאָרטיסימא ביז צום אויסגעלאָ־שענעם פיאַנאָ).



# בעראַנזשעריע

(דאָס ערשטע בילד שפּילט זיך אָפּ אין די נײַנציקער יאָרן פון 18־טן יאָרהונדערט, אין פּאַריז, אין דער דירה פון דייר מאַללע, ווו סיווויוס דער קאָמפּאָזיטאָר, ווי ל באָקיליאָן, בעראַנזשעס נאָענטסטער חבר. פּיער־זשאַן ב ע ר אַ נ ז ש ע איז דאַן אַ יונגערמאַן אין די צוואַנציקער, אַ בלאַסער, אַ שמאָל־און־פּלאַכבּרוסטיקער, אַ פּלי־כעוואַטער, מחמת די אָפטע קאָפּ־ווייטיקן. ג ע ר ע ן, זיינער אַ פריינט, אַ מאַלער. י ו ד י ט ע פ ר ע ר — דעמאָלט זיין געליבטע, שפּעטער זיין אייב.

דאָס צווייטע בילד שפּילט זיך אָפּ אין די זעכציקער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט. בעראַנזשע איז שוין אַלט און גרוי. געבויגן. מיט אַ שטעקן, אַלס אָנלען).

## ערשט בילד.

(באָקיליאָן אימפּראָוויזירט. בעראַנזשע—דערנעבן. אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ).

ב אָ ק י ל י אָ ן

אַט זעסטו, ברודערל, האָסט גאָר אַראָפּגעלאָזט די נאָז...

האָסט מורא, ברודער?

ב ע ר אַ נ ז ש ע

דאָס ערשטע מאָל אין לעבן.. בנאמנות...

איך ציטער אַזש אינגאַנצן...

ב אָ ק י ל י אָ ן

כיזע עס ! דאַרפסט מיר נישט דערציילן —
דער פחד שטרוימט דיר פון די אויגן...

ב ע ר אַ נ ז ש ע

אַפור, אויב פאַר נאַפּאָלעאָנען האָב איך אַזאַ שרעק...
אפילו פאַר לעגיאָנען פון זשאַנדאַרמען...
אפילו פאַר צורייצטע מחנות הונגעריקע הינט...

ב אָ ק י ל י אָ ן

ס'איז ברודער, פיער, פאַרשטענדלעך:
ש ע ר ש ע ל אַ פ אַ ם —
אַט דאָס איז זי דיין מורא!
עס וואַרפט אין היץ און קעלט, ווי פאַר אַ שווערער קרענק..
אַי, קאָן איך עס!

ב ע ר אַ נ ז ש ע

פאַרשטייסטו, וויל...

ב אָ ק י ל י אָ ן

וואָס דאַרף מען דאַ פאַרשטיין?
דאַ שטעקן נישט קיין טיפע חכמות...
און, איבעריקנס, טאַקי,
אויב דו ווילסט.. פאַרשטיי איך נישט...

ב ע ר אַ נ ז ש ע

פאַרשטיי איך נישט...

ב אָ ק י ל י אָ ן

עס לייגט זיך מיר נישט אויפן שכל...
אַז אַלץ איז דאָך דערליידיקט, ווי צום בעסטן!

ב ע ר אַ נ ז ש ע

ווי צום בעסטן.



ב אָ ק י ל י אָ ן

און האָסט נישט אָנפאַרטרויט דיין שלעכט צונויפגעקלעפּטער פיזיק:
דעם בלאַס-שלימזלדיקן פנים,
דעם קאָפּ דעם אויסגעקראָכענעם.
די קורצזיכטיקע, גאַפּעוואַטע אויגן...

ב ע ר אַ נ ז ש ע

מאַך נישט חוזק פון די אויגן מיינע!
ווייסט דאָך, אַז דאָס נעמט זיך פון אַ דונער...
בשעת איך בין געווען אַ קינד נאָך
ביי מיין גוטער קלוגער מומען...

ב אָ ק י ל י אָ ן

זעסט דאָך שוין אַליין, אַז ס'האָט דער דונער בלויז געטאָן אַ האַלבע אַרבעט...

ב ע ר אַ נ ז ש ע

מאַך קיין שפּאַס נישט איצטער!

ב אָ ק י ל י אָ ן

דאָ איז עס קיין שפּאַס נישט, פיער:
עס האָט קיין דונער נישט געוואָלט דיך נעמען...
און זי — זי וויל...

ב ע ר אַ נ ז ש ע

וואָס רעדסטו, וויל?..

ב אָ ק י ל י אָ ן

יאַ, יאַ, זי וויל... זי וויל דיך נעמען פאַר אַ מאַן...
זי האָט פאַנטאַזיע, כל זמן זי קאָן דיך דענקען אַלס אַ מאַן...

ב ע ר אַ נ ז ש ע

וואָס רעדסטו, וויל?
מיך — מיט אָט דעם פנים?
מיט אָט דעם אויסזען?

מיט אַט דעם הילוך?

ב אָ ק י ל י אָ ן

וואָס שייך, ווי די זאָגסט, דעם הילוך...
האָסט ווידער... האָסט ווידער, זע איך, היינט געצערעוועט
די הויזן?.

ב ע ר אַ נ ז ש ע

אַ ברירה האָב איך!
דו ווייסט דאָך בעסער נאָך פון מיר,
אַז קיינמאָל האָב איך נישט קיין סו בײַם לייב און זעל...
און, איבעריקנס —
„צעווישן אונז גערעדט — מיר גלויבט זיך קנאַפּ, מײַן פרײַנט,
אין צניעות פשריער, אין מ י י ד ל ש א פ ט
פון איידעלע נײַן מוזן...
אַ נישט — איך פרעג דיך — וואָס וואָלט זיי געטויגט
ארומצולאָזן לויפן אונז אָן הויזן?..״

ב אָ ק י ל י אָ ן

געקעכט ביז גאָר:
אַז מוזן — מיידן, אַדער, ריכטיקער, אַז מיידן מ ו ז ן
לאָזן אונז אַרומשפּאַצירן אין דער וועלט אָן הויזן
מיט גייסט און מיט באַגייסטערונג אין בלויזן —
מסתמא איז ביי אונז פאַרהאַן אַ סוד דערביי.
איך זיכער איז ביי זיי פאַראַן די לייזונג...
אַ נישט — ווי זאַגסטו — מיט וואָס באַרעכטיקן
דעם קאָסמיש-קינסטלערישן,
הויזנלאָז — פּאָעטישן פּראָבלעם?..

ב ע ר אַ נ ז ש ע

איך נעם זיך נישט איצט אונטער, הויל,
פאַרענטפערן דעם ענין...
נאָר זי... זי וויל טאַקי?



זי־איז איינגעגאַנגען?..

ב אָ ק י ל י אָ ן

פון וועמען רעדסטו ווידער?

ב ע ר אַ נ ז ש ע

פון איר... דער וווּנדערלעכער... געטלעכער... יודיטע...

ב אָ ק י ל י אָ ן

י ו ד י ט ע  פ ר ע ר!
איך האָב דאָך דיר געזאָגט שוין...
אַ ז י אָ!
איך רעכן — זי איז נישט בײַם פולן זינען...
כאַ-כאַ! ווען לייגסט מיר דאָ אַוועק מיליאָנען...
ווען גיסט מיר אָפּ די ווייַנגערטנער פון גאַנצן פראַנקרייך...
ווען שטעלסט זיך מיר אַוועק אפילו אויף אַן אויער...
ווען כּיוויים אַליין נישט וואָס —
איך וואָלט עס נישט געקאָנט...

ב ע ר אַ נ ז ש ע

וואָס וואַלסטו נישט געקאָנט?

ב אָ ק י ל י אָ ן

דיך נעמען פאַר אַ מאַן...
און זי... דו זעסט: זי איז גאָר אַנדערש...!
געגען האָט נישט באַדאַרפט אַ סך צו רעדן...
האָסט מורא דאָך געהאַט מיט איר פון דעם צו רעדן,
צו פרעגן האָסטו נישט געוואַגט...
האָט ע ר געפרעגט...
האָט ע ר גערעדט...
צי וויל זי נישט — האָט ער געפרעגט —
צי וואָלט זי נישט, אַ שטייגער, און כדומה, און למשל,
געוואָלט, צום בײַשפּיל, לאָמיר זאָגן,
ד י ך, דעם לידער-מאַכער, דעם פּאָעט,

דעם עכטן גראַמען-פלעכטער,
דיך, פּיער-זשאַנען... בעראַנזשעין...
דאָס אייניקל פון פלאָרענטינישן דעם איידלמאַן —
דזשיאָוואַני בעראַנזשערי!?!
צי וויל זי דיך נישט האָבן פאַר אַ מאַן???

ב ע ר אַ נ ז ש ע

און וואָס האָט זי דערויף בעזאָגט?

ב אָ ק י ל י אָ ן

וואָס האָט זי דען געהאַט צו זאָגן?
זי האָט געפרעגט נאָר...

ב ע ר אַ נ ז ש ע

יואָס געפרעגט?

ב אָ ק י ל י אָ ן

צי איז עס נישט דער יענער — ווי אַן אויסגעווייקטער הערינג?
— יאָ!
צי איז עס נישט דער יענער — מיט די פיס די דאַרע?
— יאָ! יאָ!
און מיטן פליכעוואַטן קאָפּ?
— ניין-ניין... אַן אַנדערער וועט עס זיין?..

ב ע ר אַ נ ז ש ע

מאַכסט שפּאַס — צי וואָס?..

ב אָ ק י ל י אָ ן

איך מאַך קיין שפּאַס נישט — איך זאָג נאָר.
און שטעל זיך פאָר,
עס האָבן טרערן זיך געשטעלט אין אירע גרויסע אויגן.
און שמייכלין — הינטער אָט די טרערן...
אַזוי דערציילט גערען מיר:
זי איז אַרויסגעפאַלן אויף זיין האַרץ,
געטוליעט זיך צו אים,



מיט פרייד געשעפּטשעט —
זי איז מטכּים... זי איז גליקלעך...
און נאָך אַזעלכע ווייבערישע זאַכן...
און אָט אָ באַלד זיי קומען דאָ אַהערצו —
אַזוי איז אָפּגעמאַכט:
סיוועט הייסן: גערען וועט מאָלן איר פּאָרטרעט,
און דויסט זיך צוגעווינען!

ב ע ר אַ נ ז ש ע

טאָ גיי איך שוין...
איך קאָן שוין גיין...

ב אָ ק י ל י אָ ן

וואָס הייסט — דו קאָנסט שוין גיין?

ב ע ר אַ נ ז ש ע

דאָס הייסט — איך קאָן שוין גיין...

ב אָ ק י ל י אָ ן

גיין, ברודערל,דו וועסט נישט גיין —
אַ חרפּה פאַר נאַפּאָלעגען...
דאָס הייסט פּחדנות... דעזערטירעריי...
וואָס הייסט, דו גייסט אַנטלויפן
ערב נאָך דער ערשטער שלאַכט?!!
געפעלסט מיר, חי דו זעסט מיך לעבן,
ערב עפּיס נאָך —
פאַר אָנבליק פונם גליק...
נאָך איידער פון די ליפּן אירע
מיט אויערן מיט אייגענע געהערט
דעם יאָ דעם וויכטיקסטן — דעם ערשטן...
וואָס הייסט, דו גייסט אַנטלויפן?
און ווו איז יושר? ווו גערעכטיקייט?
און ווו איז גלאָט דער שטאָלץ פון דיכטער?

ב ע ר אַ נ ז ש ע
איך קאָן נישט בלייבן...
איך האָב קיין מוט נישט...

ב אָ ק י ל י אָ ן
דו װעסט שוין דווקא בלייבן,
איך האָב איצט קיין פאַרלאַנג נישט
איך פאַל אין דאָזיקן דיך גיין פאַרטרעטן...

ב ע ר אַ נ ז ש ע
רעד נישט... איך גיי...

(ער לאָזט זיך גיין צו דער טיר. עס קומען אָבער אָן אַנטקעגן יודיטע און גערען).

י ו ד י ט ע
כיבין גליקלעך, פיער!
גערען האָט מיר פאַרטרויט דעם סוד פון אייך...

ג ע ר ע ן
איך גראַטוליר דיר, פיער!
האָסט מזל, זע איך, מער פון מיר, און מער פון ווילין...

ב אָ ק י ל י אָ ן
איך האָב עס שוין געזאָגט...

ב ע ר אַ נ ז ש ע
עס פעלט מיר אָטעם פאַר דאָס גרויסע גליק,
וואָס׳ט מיך געטראָפן...
עס פעלט מיר ווערטער אויס...
און כ׳זעגען דאָך די שענסטע ווערטער די, וואָס ס׳פעלען אויס!

ג ע ר ע ן
אויסגעצייכנט... דאַרף מען איצט קיין סך נישט רעדן!
איך נעם זיך תיכף צו דער אַרבעט —
צום פאָרטרעט פון מאַדמואַזעל יודיטע פרער,



וואָס איז געוואָרן איצט די כלה פונם דיכטער בעראַנזשע,
און דאָס וועט זיין מיין חתונה-מתנה!

(נעמט זיך צו דער אַרבעט)

ב אָ ק י ל י אָ ן
דערווייל וועלן מיר נישט פטרן קיין צייט,
און אויב די מאַדמואַזעל וועט אונז דערלויבן —
מיר וועלן איבערזינגען שטיל דאָס נייע ליד פון אייער חתן,
וואָס אָנגעשריבן האָט ער אייער כבוד וועגן...

י ו ד י ט ע
אויב נאָר פיער-זשאַן וועט וועלן ליבנסווירדיק זיין!

(באָקיליאָן שפּילט די אינטראָדוקציע. בעראַנזשע דערלאַנגט אַ שטול יודיטען... קושט איר די האַנט).

ב ע ר אַ נ ז ש ע
מיט פאַרגעניגן!
דאָס גרעסטע פאַרגעניגן פון פּאָעט —
דער אויפריכטיקסטער און דער טיפסטער נחת:
צו זינגען ס׳ליד פאַר זיין אָביעקט!

י ו ד י ט ע
דאָס פרייט מיך זייער...

ב ע ר אַ נ ז ש ע
עס הייסט „די אַלטיטשקע׳ —
איר וועט מיר מוחל זיין...

ג ע ר ע ן
זאָל גאָט דיר מוחל זיין —
דו ווענדסט דאָך אָפּ די מאַדמואַזעל...
אַזוי-אָט! אַזוי באַדאַרפט איר זיצן איצט די גאַנצע צייט...
זיך נישט באַוועגן...
איך צייכן איצט!

ב אָ ק י ל י אָ ן

איך שפּיל און שפּיל... און ווען סיטו אָנהויבן, שלימזמול?

ב ע ר אַ נ ז ש ע

אַט שוין... איך הויב שוין אָן!

(זינגט דאָס ליד: „די אַלטיטשקע", לויט בעראַנזשע).

וועסט אָפּבליהען, מיין פריינדרין, דו מיין טרייע,
פאַרוועלקן וועסט... און שטאַרבן וועט דיין פריינט.
איך פיל: עס גייט, עס קומט אויף מיר מיין רייע,
כיוועל שטאַרבן גאָר בקרוב, ווי מיר שיינט.
טאָ לעב מיך איבער, טייערע און ליבע,
נאָר בלייב מיר טריי! דאָס אַלץ איז, וואָס איך וויל —
און אַלס אַ באָבעשי, אין שעהן טריבע,
די לידלעך מיינע מורמל אינדערשטיל!

די יונגעליים, נאָך גרויע האָר נאָך דיינע
דערזען וועלן סימנים פון דיין פראַכט —
זיי וועלן נאָכפרעגן אויף מעלות מיינע:
ווי האָב איך אויסגעזען און וואָס געמאַכט...
דערצייל זיי, טייערע, פון אונזער ליבע,
ווי כיהאָב, דיך האַרצנדיק, געליטן פיל —
און אַלס אַ באָבעשי, אין שעהן טריבע,
די לידלעך מיינע מורמל אינדערשטיל!

און אויף דער פראַגע: וואָס טיער דיר געגעבן?"
אָ, זאָג זיי דרייסט, אַז אַלץ, וואָס ס'איז נאָר שיין!
„צי האָט ער ווערמען שלעכטס געטאָן אין לעבן?"
דו ענטפער שטאָלץ און זיכער: „אסור... ניין!"
דערצייל זיי, ווי פון גרויסער צאַרטער ליבע
געשריבן האָב איך לידער מיט געפיל —



און אַלס אַ באָבעשי, אין שעהן טריבע,
די לידלעך מיינע מורמל אינדערשטיל!

ווען זיבעציג יאָר... ווען טיפע זקנה נאָנט צו דיר וועט קומען,
מיין רום צו דיר פיל גריסן ברענגען וועט...
מיט ציטער-הענט וועסט נעמען דעמאָלט בלומען,
און שיין מיט זיי באַצירן מיין פּאָרטרעט!
וועסט ווענדן הויך די בליקן דיינע ליבע
צו מיר הער-ווייט, ווו ס'איז דער ענדע-ציל...
און אַלס אַ באָבעשי, אין שעהן טריבע,
די לידלעך מיינע מורמלען אינדערשטיל!

פאָרהאַנג: חתונה-מאַרש און... טרויער-מאַרש

צ ו וויי ט ב י ל ד

(קאַרץ פאַר זיין טויט, זיצט בעראַנזשע אַליין ביי זיך אין צימער. פאַרטראַכט זיך, שווייבנדיק. אויף דער וואַנט הענגען 3 בילדער: יודיטס ביידער אינמיטן, און באָקיליאָן מיט געוועניען — ביי די זייטן. יודיטע דרייט מיט די אויגן אויף רעכטס און לינקס).

ב ע ר אַ נ ז ש ע

איי-איי, אַזוי פיל צייט פאַרלאָפן!
אַזוי פיל וואַסערן פאַרפלאָסן!
מלחמה דורכגעלעבט און רעוואָלוציע -
אַזוי פיל מענטשלעך בלוט געפּטרט,
און קאַליע סתם געמאַכט...
ס'איז ד ע ר געזעסן אויפן בענקל,
ס'איז געזעסן — יענער!
און וואָס איז דען די נפקא-מינאָ,
אַז די קלוגשאַפט פאָרט זיך נישט מיט עלטער
נישט מיט יוגנט,
און ס'בלייבט אַלץ, ווי געוועזן,

נאַר אַנדערש בלויז אַ ביסעלע פאַרשלייערט!
(ווענדט זיך צו די בילדער).
ניעס-פאַ?
נישט וואָר? נו, זאָגט זשע, ליבע פריינט?
כע-כע, עס איז מיט אונז דיזעלבע מעשה,
ווי מיט דעם נאַרישן אַראַבער-אייזל...
איר הערט אָקאָרשט אַ מעשה:
דער אייזל איז אַן איינגעשפּאַרטער חמור,
ער וויל נישט גיין פאָרויס,
האָט מורא פאַר זיין נאַרישער, עקשנותדיקער עגזיסטענץ!
ער וויל זיך ליבערשט שטיין און קייען האָבער,
פאַר וועלט טרומייטערן, אַז ער האָט זיינס שוין אָפּגעטאָן —
אַז ער האָט יעזוסן אויף זיך געטראָגן,
און — ער האָט שוין גענוג — איבערגענוג...
ער דאַרף שוין מער נישט האָרעווען,
נישט אויסלייזן קיין וועלטן.
ער דאַרף נישט איינרייסן מיט קיינעם —
ער האָט שויך רעכט אויף אויסרוען די ביינער,
שוין אויסגעקעמפט זיך על פּי אייזל-יושר,
על פּי א י י ז ל - ש כ ל
די רעכט אויף אינטערנאַציאָנאַלער פוילקייט...
הכלל — ער וויל נישט גיין פאָרויס,
ער וויל זיך נישט פון אָרט אַ ריר טאָן,
כאָטש גיי באַגילד אים,
כאָטש גיי און גיב אים איין אַ זיסע מיתה!
מאַ וואָס זשע טוט זיין באַלעבאָס,
דער כיטרער, פיפיקער אַראַבער?
גאַר פשוט: ער גיט זיך שוין אַן עצה —
ער בינדט צום טרייב-שטעקן אַ ווורשט אַ גרויסן צו,
און האַלט אים פאַר דעם אייזלס קלוגער נאָז,



און ס׳גייט דאָס אייזעלע —
ער גייט שוין, ווי אַ טאַטע...
ער מוז דאָך נעבעך טעפּען צו דעם וווּרשט — צום א י ד ע אַ ל!
יאָ-יאָ, אָ, ליבע מיינע פריינט,
מיר טראַמפּלען אויך צום מענטשן-אידעאַל,
צו ברידערלעכקייט פון די פעלקער —
צו דער גילדערנער, דער אויסגעטרוימטער תקופה...
דערווײַלע גייט עס אונז די לעצטע 19 הונדערט יאָר אין-קריסטי
גאָרנישט ווי צום בעסטן,
פע-פע! אַ חרפה צו דערציילן:
ס׳איז גאָרנישט-נישט ג ע ה ו י ב ן!
אַ ביטערע חלשות — נישט צום גלויבן —
ווי מענטש איז צוגעבונדן צו די אייזלשע טראַדיציעס און
אַמביציעס!
ווי ווילד עקשנותדיק ער וויל נישט גיין פאָרויס!

(צו די בילדער)

ניעס פאַ?.. נישט וואָר, יודיטע?
נישט וואָר, אָ, ליבע מיינע, פריינט און שכנים?!.
וואָס שאָקלט איר נאָך צו, צו אַלע צרות, מיט די קעפּ?!!
און איבעריקנס, ווייסט איר בעסער:
איר זענט דאָך שויך אויף יענער וועלט פון לאַנג,
שוין צוגעווינט, מסתּם, אַ ביסל צו דעם אמת,
און קאָנט דעריבער אויף דעם אמת זיך פאַרגינען,
מאַ לאָמיר אייך אַ לידעלע גאָר זינגען,
האָס אויב נישט אמת איז עס גאָר אינגאַנצן —
איז ק ר ו ב עס לאמת.
און פאַסט זיך צו. כיפאַרזיכער אייך, צו אַלע!
איך בעט אייך נאָר: איר האָט נישט קיין פאַראיבל
אויף אָט דעם לידעלע פון אַלטן גוטן זינגער, בעראַנזשע,

וואָס העט איך אָפּזינגען דאָס גורל-זמרל: „דער וויינענדיקער מאַניי!

(דינגס. דאָס ליד איז לויט בעראַנזשע).

ס׳איז טויט אַוועק מיין ווייבל
אין רד אַריין, אין רד.
צו זיך, אָ, גאָט, מיין טייבל,
מיין ווייבעלע נעם צו!
אָ! גאָט, הער צו מיין תּפילה:
גן עדן גיב איר, גליק,
בכדי זי זאָל, חלילה, —
נישט קומען דאָ צוריק!
ס׳איז טויט אַוועק מיין ווייבל, אאײַה

ס׳איז לײדער גאָרנישט אײביק!
מיין גליק וועט זיין אַן עק
געמיינט האָב איך — אומענדלעך —
אין משך פון דריי טעג!
ס׳איז טויט אַוועק מיין ווייבל, אאײַה

פון צייט צו צייט גענאַרן
זי פלעגט מיך ביידערביי,
נאָר ליב געהאַט זי האָט דאָך —
מיין שכן, איי-איי-איי!
ס׳איז טויט אַוועק מיין ווייבל, אאײַה

געזעגנט זיך מיט אַלע
זי האָט זיך קאַלט און פרעמד,
און נאָר ביים שכן מיינעם —
דאָס האַרץ האָט איר פאַרקלעמט!
ס׳איז טויט אַוועק מיין ווייבל, אאײַה



איך וועלים קוים איבערלעבן!
אַ תּל פון מיר עס ווערט...
ניין... ניין... איך מוז איר נאָכגיין —
באַגראָבן זי אין דריערד!
ס׳איז טויט אַוועק מיין ווייבל, אאײַוו.

— נו שוין...
איצט האָבן אַלע דריי אַ ליכטיקן גן עדן!
און וועלכער ס׳איז פון זיי געווען דער שכן — דער, צי דער,
איז פעסטצושטעלן שווער...
כּיוויים: אפשר — ביידע!

(פאַרהאַנג)

# אויטאָ־דאַ־פֿע

(אָנומלט אין ליסאַבאָן, אין מיטן 18־טן יאָרהונדערט אויף דעם זעלבן אָרט, וווּ עס געפינט זיך איצט דאָס טעאַטער־פּלאַץ, און עס מאַניפעסטירט שטום דער דענקמאָל פונם רומפולן פּאָעט און דראַ־מאַטורג אַנטאָניאָ דע־סילוואַ — געבויער: אין יאָר 1742 — איז אויף אַ שייטערהויפן פון דער פּאָרטוגעזישער אינקוויזיציע פאַרברענט געוואָרן דערזעלבער אַנטאָניאַ דע־סילוואַ אַלס באַשולדיקטער אין גע־היימער איבערגעבנקייט צום יידנטום.

באַלד וועט פּאָרקומען די עקזעקוציע, און די טייוולאָנישע פּלאַ־מען פון דער הייליקער אינקוויזיציע שליידערן אויפן גאַנצן שטח זייערע תאוההדיקע, ישעדוע צינגער. הינטער די פלאַמען רוישט דאָס בלינדע, טעמפּע פעבל־פּאָלק. אינם פּאָרנט פונם שייטערהויפן, אויף אַ דער־הויבונג שטייט דער ק ע נ י ג פון פּאָרטוגאַל אינם געזעמל פון די אינ־קוויזיטאָרן. אונטן — אַנטאָניאָ דע־סילוואַ. אים, פון ביידע זייטן — ת ל י נ י ם).

ד ע ר ק ע נ י ג

צום לעצטן מאָל איך בעט דיך,
איך, פון פּאָרטוגאַל דער קעניג,
דיין הערשער, דיין געביטער —
אַ קעניג, ווייסטו, בעט נישט, נאָר באַפעלט,
און איך — איך בעט דיך,
זאָלסט חרטה האָבן —



ד ע ־ ס י ל ו ו אַ

איך האָב נישט וואָס חרטה־האָבן,
ס'בין אין גאָרנישט — קיינעם גאָרנישט שולדיק.

ד ע ר ק ע נ י ג

זאָלסט תשובה־טאָן אויף דיין געפיל־וואָן!
עס איז דאָך משוגעת,
אַז דאָס, וואָס ס'איז פאַר אונדז אַ וויכטיקייט, אַ שפּאַס,
זאָל אָפּנעמען ביי דיר דאָס לעבן —
אַנטאָניאַ דע־סילוואַ!

ד ע ־ ס י ל ו ו אַ

ס'איז נישט געפיל־וואָן,
נישט שגעון־בלינדער, נישט באַטויבונג,
ס'איז נישט קיין טראַציקייט און נישט קיין חאָס,
ס'איז, מאַיעסטעט... ס'איז גלויבן!

אַ ת ל י ו ן

אַ גלייבן אינם טייוול,
אין זיינע נעצן איינגעשפּונען —
איז נישט קיין סימן פון אמונה!

ד ע ־ ס י ל ו ו אַ

אַט זעסטו, קעניג, גוטער, פיל־גנעדיקער,
אַט זעסטו, הערסטו, מאַיעסטעט,
ווי סיודערט דער תליין פלוצים פרעדיקער,
און ווי ער רעדט — ער רעדט!
דער נישט־דערגאַנגענער שלימזל —
מיין בלומרשטער פּאָעזיע־קאָנקורענט —
די פייערן פון קנאה זיינער כוואַליען!
נו, מילא, איז דערווייל געוואָרן ער אַ תליין
און מיך און בוך מיינעם ער ברענט...
דערנאָכדעם איז ער זיכער,

וועט אומעטום
זיין נאָמען קריגען רום,
און קומען וועט גערעטעניש אויף זיינע ביכער;
אָבער, ס׳איז עסטעט...

ד ע ר ק ע נ י ג

וואָס ווילסטו זאָגן נאָך, אַנטאָניאָ — ?

ד ע - ס י ל וו אַ

ס׳איז אָך-און-ווי צום פאָלק אין לאַנד
ווו תליון ווערט צום טאַטע באַרופן!
ס׳איז אָך-און-ווי נאָך מער צום גלויבן,
אין וועלכן הענקער פירן איין האַרמאָניע!
אָ מאַיעסטעט —
עס וועלן אויסגעלאָשן ווערן
פונם גייסט די זון, לבנה און די שטערן
אין יענעם לאַנד אין יענער תקופה,
עס וועלן אויסגיין אַלע ליכטער —
געלערטע, דענקער, קינסטלער, דיכטער
אין יענער צייט, ווען די תלינים וועלן ווערן ריכטער;

ד ע ר ק ע נ י ג

דעריבער זאָג איך דיר,
און וואָרן דיך,
דו, ריטער איידעלער פון גייסט,
דו זאָלסט זיך עפּנטלעך דאָ אָפּזאָגן:
פאַר מיר, יעם קעניג און געביטער דיינעם,
פאַר אָנגעזיכט פון אינקוויזיציע-ריכטער
פאַר אויערן פון גאַנצן פאָלק
אין פאַר די אויגן שרעקלעך פונם טויט —
דו זאָלסט זיך אָפּזאָגן פון ס׳אפּיקורסות,
פון גלויבן פונם פאַלשן.



און כ׳וועל דיך דאַן צו העכסטער הויך דערהויבן,
וואָס העכער וואָלסטו גאָרנישט זיין געוואָלט.

ד ע - ס י ל וו אַ

אַן אָרעם גלויבן, נעבעך, אַ בעטלער-גלויבן,
וואָס ווערן קאָן דורך מענש באַצאָלט;

ד ע ר ק ע נ י ג

וועסט גיין אין זילבער און אין גאָלד — — !
און טאָמער נישט,
וועט פרעגלען באַלד דיין הויט,
אויף פייערן מיט בלוט געמישט,
דער גרויזאַמער פון אַלע גרויזאַמסטע,
דער פייערדיקער טויט!

ד ע - ס י ל וו אַ

פאַר דעם-אָ האָב איך נישט קיין מורא,
פאַרן פייער-טויט;
כ׳בין פּטור פון דער שרעק בירושה:
זינט-ווען אין אייער שנאה און אין טומאה
עס זענען אבות מיינע און אבות-אבותי
אין פלאַמען-פייניקונגען,
אין שייטערהויפנס גרויסע,
אין יסורים און עינוים קשים אומגעקומען...
זינט ווען די מוטער מיינע,
די שטילסטע טויב, לאָרענצא,
געשליידערט איז געוואָרן אין די קעלערן פון כּף-הקלע,
דורך אייער ווילדקייט אומבאַגרענעצטער —
דורך אייער בלוטיקן דעם שנאה-טריבונאַל;

ערשטער אינקוויזיטאָר

בענטג דערמיט, פאַרשאָלטענער, עקשנותדיקער ייד;

### ד ע ר ק ע נ י ג

דע-סילוואַ,
פֿריינט מיינער, אַנטאָניאָ,
דו ווייסט דאָך, ווי כ'האָב ליב דיין ליד,
דו ווייסט, ווי כ'אַכפּער און איך שעץ עס!
דו ווייסט אויך רעכט, וואָס כ'קאָן נישט, —
וואָס איך קאָן יאָ,
און דיר באַקאַנט אויך, אַלס יוריסט, ס'געזעץ איז...
טאָ ענטפֿער מיר, נאָך מיינע אויפֿריכטיקע פּרוון,
וואָס גיסטו פֿאַר אַ תשובה?

(דע-סילוואַ שווייגט פֿאַרביסן, קורצע פּויזע. דער קעניג טרעט אָפּ, אַוועקמאַכנדיק מיט דער האַנט. באַלד דערהערט זיך אַ פֿאַרשווינדנד קלאַפּן פֿון פֿערדישע פּאָדקאָוועס).

### צווייטער אינקוויזיטאָר

אַנטאָניאַ דע-סילוואַ,
דעם אורטייל ווייסטו דיינעם —
דיין טויט איז אומפֿאַרמיידלעך...
בחנם איז צו לעסטערן די טוי דיין!
ביזט דו אין טויף-וואַסער געטובלט,
צום גלויבן פֿונם אויסלייזער באַקערט —
ביזט דו זיך מודה, אַז דיין גלויבן און דיין האַרץ געהערט
צו יידן?

### ד ע - ס י ל ו ו אַ

כ'בין זיך מודה,
כ'בין זיך מודה, —
דריי מאָל מודה!

### ערשטער אינקוויזיטאָר

היינט ווי-אַזוי-דען
וועט דיין זינדיקע נשמה,



אין זשאַווער און אין שימל,
ווי-אַזוי אין פֿלאַקער פֿונם סנה,
דורך אונזער הייליקן אויטאָ-דאַ-פֿע —
אַ ווייסע טויב אַריין אין הימל?
ווי-אַזוי פֿון ערד?..

### ד ע - ס י ל ו ו אַ

איך בעט אייך, לעסטערט נישט
די אומשולדיקע געטלעכקייט אין קלעם —
דורך קידוש-השם
וועט מיין נשמה, די זינדיקע, פֿאַרראַסטע —
פֿאַרלאָזט זיך —
האָבן קפֿיצת הדרך!

### צווייטער אינקוויזיטאָר

דע-סילוואַ! אַנטאָניאַ דע-סילוואַ!
אויף זיך רחמנות האָב:
באַזין זיך פֿאָרט,
און פֿאַר דיין לעצטן שווערער,
נישט זיי זיך מודה!
נישט זיי זיך מודה
כאָטש איצטער, ווען באַקומסט דאָס לעצטע וואָרט!

### ד ע - ס י ל ו ו אַ

כ'באַקום דאָס לעצטע וואָרט —
נו, גוט!
טאָ קודם ווייסט, אַז קיינמאָל שווייגט נישט
דאָס אומזיסט פֿאַרגאָסן בלוט!
עס שווייגט נישט, ניין...
נאָר פֿישרייט, עס רייסט, עס ציטערט אויף
די הימלען און די ערד —!
אויסגעי, דורך תוהו ובוהו,

ווערן ערד און הימל דאַן איבערגעקערט!
און דער, וואָס איז פון דעם בטחון אַ באַהערשטער,
און דער, וואָס אויערן פאַר עתיד האָט — דער הערט,
און דער, וואָס פאָר דעם עתיד אויגן האָט — דער זעט,
ווי עס געשעט,
אַז יענער, וואָס אַצינד פאַר גאָט און לייט
האָט ס'לעצטע וואָרט,
וואָס פיין און מאַטער ער פאַרשרייט —
באַקומען וועט דאָס וואָרט דאָס ערשטע!
דערוויילע, מיינע האַרן, האָרכט:
דורך מיינעליידן אָן אַ שיר און ערך
איך, אַנטאָניאַ דע-סילוואַ, איך דערקלער אייך,
אין טיפן גלויבן מיינעם און אין ערע-פאָרכט,
אַז כ'בין זיך מודה
אין דער אָנגעהעריקייט און טרייקייט צו מיין גאָט און פאָלק!
אַ, איר אַליין — איר, מיינע האַרן און געביטערס,
דאָס זאָגט איר דאָך אַליין,
אַז ס'איז די דאָזיקע אמונה מיינע
געגעבן מיר פון גאָט!
דאָס זאָגט איר גופא דאָך,
אַז ליב געהאַט האָט גאָט זי —
טאָ, ווי אַ שטייגער, האָט ער, כביכול,
געקאָנט זיי מיינונג בייטן,
און פלוצים אָנהויבן זי האַסן?!!
כ'פאַרשטיי עס נישט, —
מיר לייגט זיך עפּעס גאָרנישט אויפן שכל,
אַז ס'קאָן אַזוינס ביים אויבערשטן געמאָלט זיין,
ער זאָל די מיינונגען ווען טוישן!
דערגעגן, בין איך זיכער,
און אפילו איבערצייגט בין איך,



אַז גאָט איז טריי דער ליבע זיינער,
אַז טוישן טוישט ער נישט אויף קליינגעלד
זיין מחשבה, זיינע מעשי בראשית —
אַז ר'יהאָט להיפוך, גאָר אַן אַנדער ביוון
און אַן אַנדער דעה,
וואָס איז נישט אין רשות פון מענטשן-משפט!
יאָ, האַרן מיינע, כ'בין זיך מודה —
כ'בין זיך מודה ומתוודה,
אַז כ'פאַרשטיי עס נישט — דאָס אויבעט,
ווי-אַזוי מען קאָן עס — אהבה —
די ליבשאַפט צו דעם נאָענטן,
דעם ואהבת את רעך
אַזוי דורך זינד פאַרפלאַכן
און פאַרשפרייטן עס
דורך פייער פון די שייטער-הויפנס!
געדענקט איר: די רדיפות פון די ערשטע קריסטן?
אָ, זיכער — איר געדענקט זיי, די עינויים שווערע,
די פייניקונגען אין די ווילדסטע קעלערן און לעכער,
דאָס זיין צו שפּאָט און שאַנד
פאַר געצנדינערישקייט היהשער און פרעכער,
דאָס זיין פאַרמשפּט צו פאַרצוקונג פון די ווילדסטע ברואים,
דאָס אויסגעשטעלט זיין אויף דעם אימהדיקסטן הפקר — !
איר געדענקט עס גוט!
און איצט, אין נאָמען פון דער גרויסער הימל-ליבשאַפט,
האַנדלט איר אַזוי מיט אונדז!?!
אָ, האַרן מיינע —
אויב פאַרמאָגן איר פאַרמאָגט נישט
אייגנשאַפטן גוטע,
וואָס דאָס גלויבן אייערס, מיינט איר, האָט זיי,
טאָ, האַלט זיך כאָטש ביים פּראָסטן אמת,

אַז — ס'באַראַרף אַ חילוק זיין
צווישן מענטש און צווישן חיה,
חייל לכל הדעות —
איז דאָך דער בן אדם —
אויסגעטרויסט בצלם אלקים,
אַ, מיינע האַרן! ריכטער מיינע!
איר האַלט זיך פאַר די קינדער
אויסדערוויילטע און באַליבטע
פון דעם אייבערשטן — פון האַר איבער די האַרן,
פון ריכטער איבער ריכטער,
וואָס האָט באַגליקט אייך מיטן וואָרן גלויבן,
טאַ, ווי זשע שיקעוועט און פאַסט זיך עס פאַר קינדער,
וואָס באַקומען אַזאַ ירושה,
מאַטערן און פלאָגן זיי די ברידער,
ברידער זייערע, וואָס האָבן די ירושה ניש ט באַקומען?
בלויז דער אמת — ריכטער מיינע
קאָן באַהערשן די נשמה פון אַ מענטשן,
דער אמת, וואָס די גוטסקייט איז זיין אָנהויב!
און אויב איר העלפט אויס אייער אמת
מיט נבלה און מיט שקר,
מיט פייניקונגס-געצייג,
מיט שווערד און פייער,
איז עס אַ סימן: אַז איר גלויבט נישט אייער אמת,
אַז זענען זענט איר געצבדינער היטער,
און פונס אומגלויבן —
פון גאָטלאָזיקייט לוידט איר!

## ביידע אינקוויזיטאָרן

— שווייגן!
— פאַרפלוכטער לעסטערער!



— געווען, וועט זיין!

(גיבן אַ צייכן די תליינים. יענע לויפן צו מיט די פייניקונגס־מכשירים צו דע־סילוואַ און רייסן אים די הויט און נעגל פון די הענט. דער קרבן פאַרקלעמט די ציין).

## ד ע - ס י ל װ אַ

אַ, גאָט,
ווי שענדלעך ס'איז אַזוי צו טאָן,
צו לאָזן טאָן אַזוינס אַ מענטשן,
וואָס איז מוכן-גרייט צו שטאַרבן
פאַר דיין נאָמען — אמת!

(אַנטאָניאָ דע־סילוואַ, איינער פון די לעצטע בראַנד־אָפּפער פון דער אינקוויזיציע, גייט אַרויף אויפן שייטער־הויפן, און פרווט לכתחילה אָפּטרייבן פון זיך דעם רויך מיט אַ טיכל, וואָס ער האַלט אין דער פאַרבלוטיקטער האַנט. דאָס פייער כאַפּט אים גלייך אַרום אין זיינע משכטיקע קלײַדן, און פאַרשלינגט דעם מאַרטירערס געשטאַלט. בלויז אַ וואַנדיניגער געלעכטער, און די פאָלגנדע פראַזע שיסט אַרויס פון די צעיושעטע פלאַמען):

כאַ-כאַ . . אַצינדער ווייס איך,
ווי אַזוי ס'באַנוצן יידן — בלוט אויף פסח!

(דאָס פייער גייט אויס אין אַ פינסטערניש, פון וועלכער עס שיילט זיך אויס אַ פאַרוואַנדלונג: דער טעאַטער־פּלאַץ אין ליסאַבאָן — ביי־נאַכט — מיטן דענקמאָל פון דע־סילוואַ).

## דער דענקמאָל

מעמענטאָ!
געדענקט-זשע איר, פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט:
אויב ס'וועלן שפּעטערדיקע, קומענדיקע דורות פרווון זאָגן,
אַז ס'זענען שוין אין אנדערע צייט
די פעלקער פון איראָפּע ווייט אַוועק פאָרויס
אין הלכות שעפערישע מענטש-קולטור,

ציוויליזאַציע —
דאַן זאָל עס אייך נישט אַרן,
ווען אָנווייזן מען וועט אויף אייך
ווי אויף אַ ביישפּיל,
אַז ס׳זענען אייראָפּעיער
אין אונדזער צייט געווען נאָך
ווילדע, פינסטערע באַרבאַרן!



# היינריך און לאָרעליי

(אויף איינעם אַ פעלזנשטיין זיצט אין רויטן זון־פאַרנאַכט די שענסטע פון דער וואָר — די דורך היינען אויסגעטרוימטע לאָרעליי — און מיט אַ קאַם אַ גילדערנעם קעמט זי אירע גאָלדענע האָר. זי זינגט דערביי אַ ליד, וואָס לאָקט און רופט די פאַרליבטע שיפער־יונגען, אָט אָ די, וועלכע וואַנדערן אויף די לייכטע שיפלעך זייערע אינם גילדערנעם ריין. הויך זיצט די לאָרעליי, אויפן פעלזן־שפּיץ, און די יונגע שיפערס, פאַרקוקטע און איינגעהערטע אין איר פּראַכט, זעען נישט די שאַרפע אונטערוואַסער־פעלזן, און באַמערקן נישט, ווי די שיפלעך ווערן צע־שמעטערט, און ווי זיי זינקען אין דער קאַלטער טיפעניש פון אומקום).

## ל אָ ר ע ל י י

איך ווייס נישט וואָס דאָס זאָל באַדייטן,
וואָס טרויער פּרעסט מיין אָרעם האַרץ:
דאָס איז אַזוי אין נייע צייטן —
מיין אויג, מיין בליק ווערט חושך־שוואַרץ!
איך זינג מיין ליד, מיט זון געפלאָכטן,
און רויטער צער דערפון עס רינט,
בעת ס׳קומט אין אויער מיר אַ פאָך טאָן
פון נישט־געאַנטן גליק — אַ ווינט.
דער ווינט עס טרייבט צו מיר דעם שיפער:
איך ווער באַגער, און טרוים פון זינד,
און ס׳ווערט מיין טרויער שאַרפער, טיפער,
און ס׳ווייגט מיר אונטער האַרץ מיין קינד!

מיין גאָלדן קינד, וואָס נישט געבוירן,
וויינט איצט מיט מיר צוזאַמען מיט,
ווי אויך מיין דיכטער, וואָס, פאַרלוירן
עס האָט פון מיר געמאַכט אַ ליד...
מיין דיכטער היינריך איז פאַרטריבן
און אויף זיין גורל שווער איך וויין.
אָ, ווער, ווי ער געקאָנט האָט ליבן
די יונגפרוי לאָרעליי פון ריין?
איך ווייס נישט וואָס דאָס זאָל באַדייטן,
וואָס זאָל איך אין מיין עלנט טון?
עס גייט אַוועק אין ווייטסטע ווייטן —
עס גייט אַוועק אין פרעמד די זון!

(גמדיכטער אונטערגאַנג־פורפור פון דער זון דעקט איבער דעם ריין, דעם הויכן באַרג־פעלז, און די לאָרעליי, מיט קאָפּ געזונקען צווישן די קני. האַרט צום ברעג פונם פעלז שווימט צו אויפן שיפל איר דיכטער — היינריך היינע).

## היינריך

קיין רויש, קיין שאָרך, קיין שטראַל־באַוועגן,
אין אונטערגאַנג קיין בליצן־פונק,
עס לויערן פון ריין די ברעגן,
צום רויבערישן טיגער־שפרונג;
מיר האָט זיך נאָר וואָס אויסגעטראָכטן,
איך האָב געהערט אַ טיפן וויי,
איך האָב געזען די האָר צעפלאָכטן
פון לאָרעליי, מיין לאָרעליי...
מיר האָט זיך אויסגעדוכט איך הער זי,
און כ'וויים נישט איצט — וו איז זי, וווּ?
אַרוים איז זי פון מיינע פעריזן,
און שטערט מיר אומרואיק מיין רו;



אָ, לאָרעליי, דו טרוים פון טרוימער,
פון הימלען אונדזער שענסטע גאָב;
עס טוט מיר וויי, ס'איז שווער אַזוי מיר,
ווען רופן רופסטו זיך נישט אָפּ!
שטאָט גאָלד דער ריין איז מיט געוויין רייך,
דיין יאָמער הער איך אין זיין רויש,
דיין טרויער, לאָרעליי...

## לאָרעליי

אָ, היינריך —
געליבטער מיינער, ביזט אַנטוישט?..
צי איזט פון וואַסערן דאָס רוישן,
וואָס האָט די פראַגע מיר געשטעלט?
געמיש פון חלום און אַנטוישונג —
דאָס איז געווען מיין גאַנצע וועלט!
נאָר דו אַליין, אין שיין פון צביעות,
ביז טויט דו האָסט מיך נישט פאַרלאָזט,
איך האָב געוווינט אין דיינע וויעס,
ביים זינגען סיליך, אַראָפּגעלאָזט.
געשוועבט איך האָב אין דיינע לאָקן,
ווי ווינט געהויכט אין דיינע האָר,
מיט דיר האָט גאָרנישט מיך געשראָקן,
אין עלנט גרוים פון מיינע יאָר.
איך האָב געטרוימט אין דיינע ברוסטן,
געטוליעט צו דיין גאָלדן ליב —
ווי ווייט זיין, וויים, פון מיר איצט מוזטו,
מיין לאָרעליי, מיין פלת־ווייב!?
ווי ווייט — אַז אויסגעלאָשן ליכטער
עס ווערן אַלע שיינען — גראָ...
ווי ווייט ביזטו?!

ל אָ ר ע ל י י

כ׳בין דאָ, מיין דיכטער...
איך ווער פֿאַרלוירן... באַלד — נישטאָ!

ה י י נ ר י ך

ביזט דאָ, געליבטע? חיים-געליבטע?
און איך האָב נישט געוווּסט דערפֿון!
אין מיינע שעהן די באַטריבטע,
וואָס האָבן זיי מיט דיר געטון?
וואָס האָבן זיי צום חלום מיינעם —
דעם אויסגעבענקטן פֿון אַ לאַנד...

ל אָ ר ע ל י י

פֿאַראַכטונג בין איך ווערט — אַ שפּיי נאָר!
איך שעם זיך... ס׳איז אַ גרויסע שאַנד!
אַ חרפּה איזים אויף דורי-דורות,
אַ חרפּה פֿאַר דעם טאָג און נאַכט...
ווען וואָלסט געוווּסט, ווי גרויס די מורא איז
ווען ווייסט נאָר — וואָס פֿון מיר געמאַכט!

ה י י נ ר י ך

דער כאַם ווייסט זיינס: ס׳איז זיינס — דעם כאַמס ערד,
נאָר זיין — דער ערדישער גענוס!

ל אָ ר ע ל י י

זיי האָבן מיך באַשמוצט, פֿאַרמזמזט,
געשענדעט און געיאָגט צו זנות,
די קרוין פֿון מיר אַראָפּגעריסן —
דעם כּתר פֿון דיין צויבער-וואָרט,
אַ, היינריך, היינריך, מיין געוויסן,
האָט איצט דען זיין אַזוי געטאָרט?!

ה י י נ ר י ך

דעם כאַמס געוויסן, שטאָלץ און ווירדע,



און כּבוד זיינער שטעקט אין פּויסט!

ל אָ ר ע ל י י

צי ווייסטו, ס׳אַראַ שטייגער כ׳פֿיר דאָ?
צי ווייסטו, ווו כ׳האָב אַלץ געהויזט?
צי ווייסטו, היינריך, וועד געלעגן
עס איז מיר אין מיין יונגפֿרוי-שויס —?
געטריבן האָט מען מיך פֿון ברעגן,
פֿון טרוימען-קרייז אין גאַס אַרויס...
און גיין איך מוז אין חרפּה-יאָכן,
פֿאַרפֿינסטערט איז מיין הימל-בלוי:
און כ׳בין צעפּייניקט און צעבראָכן,
איך, לאָרעליי — אַ גאַסן-פֿרוי...
מיין האַרץ, מיין זעל, מיין לייב און לעבן —
איין שייטערהויפֿן — פֿייער-פֿלאַם,
און ס׳איז צו מיר רשות געגעבן
צו זעטיקן מיט זינד דעם כאַם!
אַוועק פֿון לאַנד איז זון און שטערן
פֿון דער פֿאַרנונפֿט, פֿון קלאָרן זין —
בלויז מערדער, רויבער, סוטענערן
עס זענען עוסק דאָ בדין...

ה י י נ ר י ך

אָ, קום צו מיר אין צער דעם דולן,
מיין לאָרעליי — מיין חלום צאַרט,
אָ, קום אין גרענעצלאָזע גבולן
פֿון לעבן מיינעם אָפּגענאַרט...
דו ווייסט, ווי עלנט כ׳בין, דו ווייסט דאָך,
ווי איינזאַם בין איך אין מיין גאַט —
טאָ קום צו מיר, און כ׳וועל דיך טרייסטן
מיט אייביקייט פֿון צען געבאָט!

ל אַ ר ע ל י י

איז איצט צו דעם אַ וועג פאַרהאַן דען,
ווען כ'וואָלט אפילו וועלן גיין ?!
עס וועט דאָך זיין דאָס — ראַסן־שאַנדע,
אַ, אָרימער היינריך, מוזט פאַרשטיין...
דו מוזט פאַרשטיין, און מוזט פאַרגעסן,
אַז כ'מאָר עס נישט, לויט דעם געזעץ,
חגם פון סיפילים צעפרעסן
איך בין... פון די צרעת־קרעץ...

ה י י נ ר י ך

אָ, קום צו מיר — אָ, גיב אַ צייכן,
אַז כ'בין דיר נישט אינגאַנצן פרעמד,
געגען, ווען כ'קאָן דיך נישט דערגרייכן,
איך מענטשלעכקייט אין מיין פאַרקלעמט...
פאַרשעם נישט, לאָרעליי, מיין בענקען,
וואָס האָט קיין גרענעץ און קיין שיר —
ס'איז מיר באַשערט דיך צו געדענקען,
אַן דיר דעם באָדן איך פאַרליר!
אַן דיר קיין צוועק פאַרהאַן, קיין ציל איז,
אַן דיר — אָן פאָלק — איז תפיסה אַלץ,
אַן דיר דערשטיקט עס ווערן תפילות,
דערוואָרגן ווערן אינם האַלדז!
אַ, קום צו מיר, און כ'וועל דערציילן,
ווי וונדער קאָנען נאָך געשען!
אַ, קום, און כ'וועל דיין קראַנקהייט היילען —
אויסמיי וועט וועלט תפאַרת זען!

ל אַ ר ע ל י י

כאַ־כאַ, תפאַרת! כ'הער עס גערן,
נאָר זיין קאָן גאָרנישט זיין דערפון!



ה י י נ ר י ך

אַלץ זיי — פון סדום די סוטענערן?

ל אַ ר ע ל י י

יאָ, היינריך... וואָס... וואָס קאָן מען טון:
נאַאיוו ביזטו, ווען ווילסט מיך היילן —
דאָס אומגליק פון מיין פאָלק און לאַנד!

ה י י נ ר י ך

אַ חרפה פאַר דער וועלט דערציילן:
די שאַנד, פון קיינעם נישט געאַנט!

ל אַ ר ע ל י י

און אפשר אויסשניידן מיט מעסער
צרעת־גיפט פון מיר, דעם ווי —
און אַ מחיצה מאַכן בעסער...

ה י י נ ר י ך

אַ, לאָרעליי! אָ, לאָרעליי!

ל אַ ר ע ל י י

ווייל ביזע: קיין אונטערגאַנג באַשערט דיר —
דיין שיפל צווישן פעלזן שווימט,
און נישט, ווי ס'איז, לויט דיינע ווערטער,
צו איינזינקען געווען באַשטימט!
איך זע דעם נס פון פאָלק פון דיינעם
פון אייביק אָן אויף בלינד באַראָט —
ווי ס'ברענגט נישט אום קיין צער און פיין איב
ווען ס'קערט פון אים זיך אָפּ זיין גאָט!
דיין שיפל מיידט אוים אַלע ריפן,
אין כוואַליעס־גורל איינגעשטעלט!
און אויסגעמאָסטן אַלע טיפן,
ישראל בלייבט — דער נס פון וועלט!

ה י י נ ר י ך

אַ, לאָרעליי, מיין שוועסטער־בלה!..

ל אָ ר ע ל י י

דו שווימסט צוריק? דו שווימסט אַוועק
צוריק אויף וואַנדער־שטרוימען אַלע...

ה י י נ ר י ך

יאָ, ווייטער — אין די שטרוימען שרעק!

ל אָ ר ע ל י י

דו שווימסט אַוועק?.. מיך לאָזטו איבער
אַן סימן גאָט — צו שאַנד, צו שפּאָט?

ה י י נ ר י ך

מיין ווייטער טרוים — אין גיהנום־פיבער,
אויף קיים פון חרם, פון פאַרבאָט!
אַדיעי מיין טרוים, איך מוז לאָווירן
צעווישן פייער־וואַסער־סוד,
אום שיף און זיך אַרויסצופירן —

ל אָ ר ע ל י י

מיין גאָט — איך קאָן נישט מער — מיין גאָט!

(לאָרעליי וואַרפט זיך פונם הויכן פעלז אַרונטער, און ווערט נעלם אין די פינסטערע נאַכט־כוואַליעס. הײַנעס שיפל גליטשט זיך איבערן וואַסער).

ה י י נ ר י ך

„איך ווייס נישט וואָס דאָס זאָל באַדייטן
„וואָס טרויעריק אַזוי איך בין,
„אַ מעשהלע פון אַלטע צייטן
„עס גייט מיר נישט אַרויס פון זין".



# זינט פּילאַטוס

(צווישן די הויכע קאָלאָנאַדן אין אַ מאַווריטאַניש־געבויטן שלאָס. בלוטיקער זון־אונטערגאַנג רייסט זיך דורך די הויכע פענסטער און לייגט זיך דראָענד פונאַנדער אין העלע שאָטנס אויפן געקעסטלטן דיל, וואָס זעט אויס, ווי אַ ריזיק שאַך־ברעט.

דער לץ דאַקאָסטאַ שפּרינגט מיט איין פוס איבער די טונקעלע און העלע קוואַדראַטן. דערביי זינגט ער אויס זיין לידל).

## דער לץ דאַקאָסטאַ

עס רוישט דער טייך גוואַדאַלקוויוויר:
נישטאָ פאַר אים קיין גרענעץ־טיר!
דעריבער פריילעך אָן אַ שיר
עס איז דער טייך גוואַדאַלקוויוויר!
און מיר איז אָך,
און מיר איז ווי —
אַ וווּ איך שטיי,
אַ וווּ איך גיי!
און מיר איז ווינד,
און ווי איז מיר —
אַ וווּ איך גיב זיך
נאָר אַ ריר!
גוואַדאַלקוויוויר, גוואַדאַלקוויוויר,
איך פיל — דעם באָדן איך פאַרליר —
עס טרייסלט זיך די ערד, איך שפּיר,

פון הפקר גרויס, פון גרויס ווילקיר!
און מיר איז אָך — א. אַז. וו.
גוואַדאַלקוויווויר, גוואַדאַלקוויווויר,
אַז גוט איז דיר, אַז ווויל איז דיר:
דיין הימל פונם פרייד-קאַליר
עס איז פון גאָט אַ סוווענִיר!
און מיר איז אָך — א. אַז. וו.

(ביני לביני זענען אָנגעקומען פון איין זייט: דער באַלעבאָס פונם שלאָס, דער זינדיקער ריטער, דאָן פערדנאַנדאָ באָרדקאָמעץ און דער יעזואיט, פאַדרע אַמאָרעץ-דיאוריייסאָ. זיי פאָלגן נאָך מיט די אויגן דעם לץ׳ס תנועות און ליד, אַז ער ענדיקט, פלאַצט דער ריטער אַרויס מיט אַ געלעכטער).

### דאָן פערדנאַנדאָ באָרדקאָמעץ

ס׳איז גוט געווען, דאַקאָסטאַ, איצט דיין לידל!
אַז ס׳הערט דיך קיינער נישט —
דאָן זינגסטו בעסער!

### דער לץ דאַקאָסטאַ

איך זינג פאַר זיך דאָן,
און פאַר זיך — ווי ס׳איז דער שטייגער —
קלויבט מען תמיד אויס די בעסטע שטיקער!
אַזוי דער שטייגער איז פון האַר און קנעכט!

### פאַדרע אַמאָרעץ-ד׳אוריייסאָ

גאָטס משפט איז גערעכט,
דאָס איז דער עיקר.
און גיין אין דרכים הייליקע פון אונדזער האַר,
איז דאָס געבאָט פאַר אַלע קנעכט!

### דער לץ דאַקאָסטאַ

און אַז די קנעכט עס ווילן ווערן האַרן —?



### פאַדרע אַמאָרעץ-ד׳אוריייסאָ

איז׳ס ווידערשפּעניקונג,
איז׳ס גאָט דערגעגן,
איז עס געגן קרוין —
אַ זאַך אַ פּשוטע און פּראָסטע!
דו הייסט דאָך, לץ, וואָס ס׳קומט דערפאַר?

### דער לץ דאַקאָסטאַ

מ׳ווייס, פאָטער הייליקער, דער לוין —
דער לוין איז — גיהנום...

### פאַדרע אַמאָרעץ-ד׳אוריייסאָ

ניין, פאַרן גיהנום נאָך,
ערב גיהנום אינם הימל
עס איז פאַראַן נאָך גיהנום אויף דער ערד!
דו הייסט דאָך על כל פנים —

### דער לץ דאַקאָסטאַ

איך קאָן אים!
איר מאַכט אים, אַט דעם גיהנום,
און כ׳האָב נישט איינמאָל שוין
געפילט אים און געזען אים
אין מיינע טעג און נעכט!

### דאָן פערדנאַנדאָ באָרדקאָמעץ

שווייג, קנעכט!
הער אויף צו לצעווען, דאַקאָסטאַ!

### דער לץ דאַקאָסטאַ

מיין שפּאַס,
זאָל מוחל זיין מיר גאָט,
איר זאָגט אַליין דאָך הינטער מיינע אויגן,
ד׳איז גוט געווויגן,
גוט געמאָסטן,

און ווען נישט אַנטיפּאָר
פון צביעות גייסטלעכער — דער ליץ,
ווען נישט טייוולאָנים,
וואָלט לאַנגווייליק געוואָרן יעדן גאָט,
און יעדן טעם פאַרלוירן וואָלט ס׳געזעץ!

פאַדרע אַמאָרעץ-ד׳אויריישאָ

נישט לעסטער, ליץ,
דו, שוועסטערקינד פון אַלטן בעלזעבול,
דו, אייניקל פון גרויעם שטן,
אין זינד און שפּאַס געפּלאָכטן!

דער ליץ דאַקאָסטאַ

נו, מילא, וועל איך זיין
אויף זיבן פייערן געבראָטן!
אַבי מיין האַרץ, מיט דאַנקבאַרקייטן פול,
דורכן מלאך דומה
אויף כּשר ווערט מיר זיין געשאָכטן!

דאָן פערדנאַנדאָ באָרדקאָמעץ

שפּאַסט ווידער, ווידערשפּעניקער דאַקאָסטאָ,
שטעקסט ווידער נאָדלען, נעגל, שפּיזן,
מעסערס טעמפּע און פאַראָסטע
אין כּל הון —

פאַדרע אַמאָרעץ-ד׳אויריישאָ

כּל הון דעלמאַ,
בעת נויטיק זענען איצטער פאַרן פאָלק
פאַר דעם המון
חזרת תּשובה-פּרווון,
ווייַרויך הימלדיקער,
פּסאַלמען!



דאָן פערדנאַנדאָ באָרדקאָמעץ

עס בונטעוועט זיך דער המון,
דער צאָרן וואַקסט אין אים פאַר הונגער!
און מיין באַרוף, אַלס הערשער זייערער, און צענז איז:
צו געבן אים ברייטהערציק פאַנעם עט צירצענזעס —
געבן ברויט, און פאָרשטעלן דאָס שיינע לעבן!
פונוואַנען געבן?
פון וועלכע אוצרות געבן?
אָט דאָס איז זי די קשיא:
פונוואַנען נעמען איצט די טאָפּלט שטאַרקע איבעראַשונג:
ס׳ראַיעלע ברויט,
און פון דער פאָרשטעלונג דעם חלום?!

פאַדרע אַמאָרעץ-ד׳אויריישאָ

מיר האָבן איצט-אָקאָרשט גערעדט דערפון,
אָ, גרויסער האַר,
און ריטער איידעלער, אָ, דאָן פערדנאַנדאָ דע-באָרדקאָמעץ!
אויפסניי געעפנט זיך עס האָט דער תּהום איצט,
ווען אַלץ איז פול מיט אפּיקורסות און מיט ביטול,
און שלעכט — ס׳איז זייער שלעכט!
עס בונטעווען זיך דיינע קנעכט,
ס׳וויל מורד זיין דער פינסטערער המון,
וואָס שטענדיק איז — נישט מער — אַ הונט!
אַ הונט מיט איינגעשאַפּטן צוויי:
צו לעקן און צו בייסן
צו דינען הינטיש און המוניש טריי,
צי גאָר אין ווילדערניש — צו צוקן און צו רייסן!

דער ליץ דאַקאָסטאַ

די מיינונג איז — דער דאַנק
דעם אָרעם-פינסטערן המון —

פאַר פּראַצע — פאַר עבודת פּרך!

### פאַדרע אַמאָרעץ־ד׳אוירייסאַ

קלער איך...
טראַכט איך:
פאַר דאָס אפּיקורסות און דעם ביטול,
די איינציקע רפואה איז — דאָס אַלטע מיטל:
ווען ס׳איז נישטאָ דאָס ברויט פון שלום
און פון פאַרשטעלונג דער חלום —
דאַרף מען מיט דעם אַלטן מיטל גיין,
און וואַרפן דעם המון־הונט,
אין הפקר דעם צעפלייצטן,
אין יסורים דעם צערייצטן,
מ׳דאַרף אים צווואַרפן אַ ביין!

### דאָן פערדנאַנדאָ באָרדקאָמעץ

דאָס ווייס איך אויך:
המון און הונט דאָס זענען סינאָנימען,
אפילו אין באַגייסטערונג געמיין;
סון המון די שטימען
איז ווי פון הינט געבולן:
נישטאָ קיין ריכטיקער קיין סימן,
ווען באַפרידיקונג עס איז און אים
פון האַרץ פון פולן,
און ווען — אַ פיינטלעכער געשריי,
ווען צום שמייכלען,
ווען צום צאָרן,
זענען אויסגעשטשירעט ציין...

### פאַדרע אַמאָרעץ־ד׳אויריירא

יאַ, אַ ביין!.. אַ ביין!..
דאָס קלאָר און גלאַט איז



פון יענעם טאָג,
ווען אינם גרעסטן וועלטן־קלאָג,
עס האָט די הענט געוואַשן זיך
מיט אויסגאַנגלאָזיקייט — פּילאַטוס!

### דער לץ דאַקאָסטאַ

כע־כע, איך ווייס! איך ווייס!
די מעשה טאַקי גלאַט איז!
כע־כע, וואָס שאַדט עס...
וואָס שאַדט עס טאַקי,
און וואָס דאַרף מען טאַקי זוכן,
אַז צוגעגרייט עס האָט אין דר׳ערד
די גליקלעכע מלוכה
נאַטור־אוצרות, ווי גאָלד און זילבער,
און קוילן — שוואַרצע דימענטן,
און אַריץ — און איידעלע מעטאַלן,
און זאַלץ־גרובנס,
און צווישן אַנדער דר׳ערד־געלייגטער שפע,
אַ שפע יידן, וואָס עס איז אין גרונט
דער בעסטער מאַרך־ביין פאַרן הונט
צו שליידערן, צו וואַרפן
פאַר זיינע ציין די איילוקע,
די הונגעריקע ווילדע ציין...
אַ דעק־טוך איז עס דאָך פאַר אייער שאַנד,
פון פאָלק און לאַנד,
וואָס באַצירט מיט פרומקייט פרענדז איז,
וואָס בעסער איז עס,
און אפשר טאַקי ווירקזאַמער,
ווי ס׳אַלטע מיטל: „פאַנעם עט צירצענזעס“!

### פאַדרע און דאָן

פונוואַנען ווייסטו, לץ,

פאַרפלוכטער קנעכט און ייד?

דער לץ דאַקאָסטאַ

פון אייער עובר זיין
אויף יעדן מענטשלעכן געזעץ —
איך פיל עס
פון יעדן אָטעם אייערן,
אפילו דאַן,
ווען אייער נידערטרעכטיקייט
פאַרטונקלט איר,
פאַרווייִרזיכט איר
מיט תפילות!

(פון דרויסן דערטראָגט זיך שטורעם־גערויש פון מענטשלעכס הונגער־יסורים און פאַרצווייפלונג. אַלע דריי בלייבן אַ קורצע ווײַלע פאַרגלי־ווערט).

דער לץ דאַקאָסטאַ

באַזינט זיך, וואָס איר טוט,
אין בלינדקייט אייער —
דאָס אומשולדיקע בלוט,
געדענקט,
נישט ווערן וועט דורך צייטן אָפּגעשווענקט,
נאָר באַלד פאַרוואַנדלט
פאַר אייערטוועגן
אין גיהנום-פייער!



# דער קעניג דעצידירט

(פאַר ־עס קעניג קניען און שווייגען: באַראָן, דער באַרימ־טער פראַנצויזישער אַקטיאָר, און דאָמיניקאָ ביאַנקאָלעללי — איינער פון די בעסטע אַרלעקינען אין דער קעניגליכער איטאַליענישער טרופע, וואָס האָט צו יענער צייט געשפילט אין פאַריז. דער קאָנפליקט קומט פאָר אין 18־טן יאָרהונדערט. דער קעניג קוקט דורכדרינגלעך־שטרענג אויף די קניענדיקע).

דער קעניג

רעדט, שעמט זיך נישט! דערציילט אַלץ, קאָמעדיאַנטן!
ס׳איז קיינער דאָ נישטאָ, דאָ זענט איר פריי —
זענט פראַנק און פריי אין די באַוועגונגען און ריידערײַ,
איר אייביקע באַגייסטערטע בירבאַנטן!
דאָ קאָנט איר איצטער רעדן קלאָר און וואָר,
נישט אַנגעצויגן, טעאַטראַליש-העכער...
דערציילט מיר אָפנהאַרציק, וואָס צווישן אייך עס קומט דאָ פאָר,
צווישן אייך אַקטיאָרן—האַלב-הייליקע און האַלב-פאַרברעכער?!

(אויף אַ צייכן פון קעניג שטעלן זיך ביידע אויף)

דיר קומט דאָס ערשטע וואָרט צו דער באַשולדיקונג, באַראָן,
דעם נישט-געקרוינטן קעניג פון פראַנצויזישע אַקטיאָרן,
איך זע, ס׳איז גרויס דיין צאָרן!
באַוויַיז, וואָס קונסט פון ריין רעטאָרישן טאַלענט באַווייזן קאָן:

באַראָן

אַ, קעניג ליכטיקסטער און יושרדיקסטער אויף דער וועלט,

מיר קומען דאָ צו דיר נאָך דיין באַשייד,
זאָל, ערשטנס ווערן פעסטגעשטעלט,
אַז סיהאַנדלט זיך דאָ נישט נאָר וועגן געלט,
אַז נישט מעטאַל אַליין עס קלינגט אַרויס פון מיינע רייד...

ד ע ר ק ע נ י ג

אַזוינס צו הערן פון אַ קאָמעדיאַנט מיין האַרץ עס פרייט,
דאָס גרונטפעסטיקט מיין טראָן,
באַראָן!

ב אַ ר אָ ן

נו, קומען מיר פאַר דיינע אויגן ליכטיק,
און פולן גלויבן, אַז דיין אורטייל איבער אונדז גערעכט וועט זיין
און ווייטזיכטיק און ריכטיק!

ד ע ר ק ע נ י ג

איך קאָן דיך נישט, וואָס אמת איז, באַגליקן,
פאַר דיינע רייד צום ציל צום ריכטיקן געווענדט...
וואָס שווייגסטו, דאָמיניקאָ?

ד אָ מ י נ י ק אָ

איך מיין אַ קעניג, אַ באַפעלער
דאַרף נישט אויסן זיין אַ קאָמפּלימענט
פון אַ פאַרשטעלער!
פון אַן אַקטיאָר, וואָס זיינע פּנים-קנייטשן אַלע-ווײַלע בייט ער...

ד ע ר ק ע נ י ג

גערעכט ביז גאָר —
נאָר... גאָרנישט... רייד, באַראָן, רייד ווייטער!

ב אַ ר אָ ן

אַזאַ איז, קעניג ליכטיקער, פון אונדזער קריגערייַ דער פאָדעם:
באַווייליק אויסצוהערן אונדז אין אונדזערן געצאַנק!
מיר קומען דאָ צו דיר, ווי צוויי פאַרביסן-פיינטלעכע, צערייצטע
צרדים,



וואָס דו מוזט משפּטן מיט לויטערקייט פון דיין געדאַנק!
דיין אורטייל דאַרף צו זיין אַ מוסטער-אורטייל, ווי דעם מלך
שלמהס
פאַר ביידע מוטערס פונם איינציק לעבעדיקן קינד...

ד ע ר ק ע נ י ג

קוים איז... קוים איז...
פעסטגעשטעלט געוואָרן עמיצס זינד...

ב אַ ר אָ ן

סיאיז אַלנפאַלס נישט אונדזער זינד — נאָר אונדזער דאגה,
וואָס ביי דעם בעסטן ווילן קאָנען מיר זי נישט פאַרשווייגן!
דאַ קומען מיר, דו זאָלסט אונדז אויסהאָרכן די טענות אונדזערע,
אָ,קעניג.
דאָ קומען מיר נישט נאָך גערעטעניש פון דערפאָלגן!
דאַ מיינען מיר עס אויפריכטיק און איניק,
און ווי דיין פּסק וועט זיין — מיר וועלן פאָלגן!

ד ע ר ק ע נ י ג

די אַלע פאַררעדעס זיי קלינגען גאַנץ באַחנט,
נאָר כיווייס נאָך אַלץ נישט, וואָס דאָ ווערט געמיינט...

ב אַ ר אָ ן

איך קום דאָ, קעניג ליכטיקער, אין נאָמען פון פראָנצויזישן
טעאַטער!
ביים היינטיקן, ביים שווערן אויסקום-טאָג
איז יעדער פרעמדער בירגער, יעדער גאַסט—אַן אָפּקומען, אַ פּלאָג!
דאָס לעבן איז אַן אָפּקומען — אַ מאַטער,
נישט מיר — מיר זענען יעגער נאָך דער צייט,
נאָך אַלער-הויך, נאָך אַלער-ווייט,
נאָר ברייט און לענג עס יאָגט אונדז נאָך און טרייבט אונדז אָן,
די ווילדע בעסטיע — צייט עס יאָגט זיך נאָכן מאַן,
פאַלט באַלד אַרויס פון האַנט די פלאַטערדיקע פאַן,

טרייבט מאגן מיט דער בייטש פון נויט די קונסט אין א געשפאן,
און דא נאך קומען פ ר ע מ ד ע — איטאליענער
מיט דעם — אט ביאנקאלעללי דאמיניקא
מיט זון-צעזונגנקייט פון זייער זעל און זייער לאנד,
און, קעניג, זע נאר,
מיר הויבן אן פאר ענגשאפט זיך צו שטיקן,
צום ברויט דערלאנגט נישט אונדזער האנט —
זיי נעמען אונדז דאס ברויט פון מויל אוועק מיט זייער פרייד-
געלעכטער,
זיי פאסן זיך דאך צו געניי — פאר ברויט א לעבל —
צו אפעטיטפולער, צו פרעסערישער הונגעריקייט פונם פעבל,
צו שיכורער באהעפטונג וועקן זיי אינסטינקטן פון געשלעכטער...

ד ע ר ק ע נ י ג

פראנקרייך דארף אודאי רייך פון שיינע טעכטער,
און וואס מער זין... און וואס מער זין... אלס העלדן-פעכטער?
איז דאך גוט א ז ו י!

ב א ר א ן

עס איז נישט גוט אזוי —
די קונסט פון דעם אקטיאר אוועקשטעלן אין הפקר-קאן,
דאס קאן ארויסרייסן פון איר די ווארצלען פון דער איידלקייט
און חן

אוועקנעמען פון איר די הויך-באפעלערישקייט פונם ט ר א ן,
דעם גלאנץ פון איטם קרוין-געפאסטן איידלשטיין!
די קונסט געשאפן פארן כ ב ו ד, פארן ע ר ן-זוכט פון ערב-רב,
דעם אבסאלוט געשמאקלאזן — דעם מ א ס ן-אף,
די קונסט געשאפן פארן ו ו י ל ן פון המון עם
מיט דעם עם הויבט זיך אן,
וואס אין א פאקל-פלאם פארוואנדלט עס
דעם צוגעוואָרפענעם דעם הונטן-ביין



און שליידערט אים ארײַן צוריק אין אויבן-אן
פון קעניגלעכן טראן!

ד ע ר ק ע נ י ג

איז וואס פארלאנגסטו איצט, באראן?

ב א ר א ן

אין נאמען פון דיין ליכטיקייט, א, קעניג!
אין נאמען פון דיין פאלק געטריי און אונטערטעניק!
אין נאמען פון דער שפראך פון אונדז — דער אלמא מאטער,
אין נאמען פונם רום און גאנצקייט פון פראנצויזישן טעאטער —
פארלאנג איך, זיי זאלן אויפהערן קאמעדיען זייערע אין אונדזער
שפראך צו שפילן!

ד ע ר ק ע נ י ג

א ז ו י!.. אזוי פארשטיי איך שוין דיין ווילן...
און דו — וואס האסטו אויף דער זאך צו זאגן, דאמיניקא?
לאמיר הערן, וואס דער צווייטער קאמעדיאנט אונדז זאגן וועט...

ד א מ י נ י ק א

אייער קעניגלעכע מאיעסטעט —
איך וועל זיך פאסן קורץ און שארף,
איך וועל נישט שיטן מיט קיין פערל-רייד — אנטיקן...
ווי קעניג וועט פארשטיין — אזוי צו זיין באדארף!

ד ע ר ק ע נ י ג

אזוי צו זיין ב א ד א ר ף!!!

ד א מ י נ י ק א

ווי קעניג וועט באשיידן — אזוי וועט זיין:
זאל איך ריידן אלט-פראנצויזיש איצט, צי ניי-לאטיין???

ד ע ר ק ע נ י ג

קאנסט ריידן, ווי דו ווילסט! מיר איז עס נישט קיין נפקא מינא!

ד א מ י נ י ק א

אייך איז עס נישט קיין נפקא מינא, מאיעסטעט,

טאָ יאָלן זיי דאָך האַלטן סימויל און שווייגן,
און זייער באָבן איבערצייגן,
נישט ד י ך, דעם קלוגן קעניג —
אַז סיקאָן גאָר אַרן עמיצן, ווי סיווערט ביי א ו נ ד ז גערעדט !
קאַלעגע ! לאָזט זיך דינען,
פילגעערטער חבר,
איך האָט געהערט: כיזאָל ריידן, ווי איך וויל... קיין נפקא מינאָ...
טאָ נימ מיר אייער האַנט: עס בלייבט אַ חוק ולא יעבור !!!

**ב אַ ר אָ ן**

וואָס הייסט אַ חוק ולא יעבור ?
(גיט נישט דיין האַנט)

**ד אָ מ י נ י ק אָ**

דאָס הייסט, עס איז דעם קעניגס פסק —
זיין מאַיעסטעט האָט דעצידירט !
אַזוי איז דער באַשלוס ביי איטלעכן,
וואָס האָט דעם „קעניג" אינם קאָפּ !
דו האָסט אַליין געהערט,
ער האָט געזאָגט:
„קאָנסט רעדן, ווי דו ווילסט ! מיר איז עס נישט קיין נפקא מינאָ !"

**ב אַ ר אָ ן**

פון זינען ביזט גערירט ?
ווילסט איינהאַנדלען אַ קאַץ אין זאַק,
און עולם הבא זיך דערמיט פאַרדינען ?!
בנאמנות, סיאיז נישט שלעכט...

**ד ע ר ק ע נ י ג**

כאַ-כאַ ! אַז ע ר איז פאָרט גערעכט,
דער ליך !
און ער האָט פאָרט
אַרויסבאַקומען אויף אַ שכלדיקן אופן סיקעניגלעכע וואָרט —



און סיקעניגלעכע וואָרט עס דרינגט אין פאָלק אַריין,
ווי אַ געזעץ...
ווי נאַריש סיזאָל נישט זיין...
עס שלעפּט אים אויף אַ שטריק צו דער עקידה...

**ד י אַ ק ט י אָ ר ן**

מעסטע, מאַיעסטעט ?

**ד ע ר ק ע נ י ג**

דעם קעניג און דאָס פאָלק — זיי ב י י ד ע !
כאַ-כאַ, אַזוי איז עס און אייביק וועט אַזוי פאַרבלייבן !
פאַר קינדער אייערע, פאַר קינדס-קינדער —
איר מעגט עס זיך פאַרשרייבן.
דערהיילע אָבער
צו-להכעיס אייערן פאַרשפאָרט !
מיין וואָרט עס בלייבט אַ וואָרט,
און... זאָל נישט שטעכן אייך דער האָבער !..
עס בלייבט אַ חוק ולא יעבור !

(ביידע קאָמעדיאַנטן דערלאַנגען זיך די הענט).

**ד י אַ ק ט י אָ ר ן**

ב ר אַ ו ו אָ !

**ד ע ר ק ע נ י ג**

בראַוואָ !!! בראַוואָ !!!

---

# זיין הויקער...

(ביי גוגענהיימען אין שטוב. דער באַלעבאָס, הי גוגענהיים און משה מענדעלסאָן ביים שאַך).

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

דער קעניג... הי גוגענהיים, גיט אַכטונג:
עס איז דער קעניג אין געפאַר...

ה י  ג ו ג ע נ ה י י ם

יאַוואָל!.. און מיר דערמאָנט עס ראַבי...
אַז איר, הי מאָזעס, זענט געווען אין סכנה
ביי אונדזער מלכות, פרידריך, ירום הודו...

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

געווען... נאָר נ י ש ט געפערלעך —
ווי ס׳זאָל נישט זיין —
אַ קעניג האָט נאָך מורא פאַר דעם שכל,
און קריגט דעם אָפּשיי...
צום שכל איז מען נישט געוווינט —
און ס׳שרעקט אַביסל...

ה י  ג ו ג ע נ ה י י ם

ווי איז עס דען געשען?

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

גאַנץ געוויינטלעך:
דער גרויסער קעניג אונדזערער און דער געבילטער
איז אויך — פאַר קיין שום ייד געראָכט — אַ שלעכטער שרייבער,



ער דאַרף עס נישט צו דער פרנסה —
ער דאַרף עס נישט צו ווייבער
עס פעלט אים נישט צו פּאָליטיק,
און נישט צום גליק,
און דאָך ער שרייבט געמיינע, זייער שלעכטע פערזן —
כע-כע. אָט מאַכט אַ פּריווילעגיקער הויקער...
נו, האָב איך שריפטלעך אָט די קעניגלעכע שוואַכקייט זיינע
שטאַרק געטאַדלט...

ה י  ג ו ג ע נ ה י י ם

אַ?! עפנטלעך?..
ווי קאָן מען דען?!

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

יאָ, עפנטלעך! איך האָב געזאָגט דעם אמת —

ה י  ג ו ג ע נ ה י י ם

שרעקלעך!.. נו, ווייטער, ראַבי?

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

ווייטער — האָט מען מיך געמסרט:

„Als Jude die Ehrfurcht gegen
des Koenig‘s allerhoechste,
geheiligte
Person im frechen Urteil ueber
dessen Poesie hinauszusetzen“...

ה י  ג ו ג ע נ ה י י ם

נו, ווייטער?.. ווייטער?..

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

געמסרט — און געשיקט מיך רופן פונם שלאָס
פון סאַנסוסי —
און אויך, ווי איר, מיין גנעדיקער הי גוגענהיים,
מען האָט מיך דאָרט געפרעגט,
ווי האָב איך עס געוואַגט

באַליידיקן דעם קעניגלעכן דיכטער?
מען האָט געפרעגט מיך שאַרף און מיט אַ בייזער,
אויף וואָס איך האָב זיי, ווי געזאָגט, געענטפערט:
„Wer Verse macht — schiebt
Kegel,
Und wer Kegel schiebt,
Sei er Koenig oder Bauer,
Muss sich gefallen lassen,
Das der Kegeljunge sagt,
Wie er schiebt“...

הי ג ו ג ע נ ה י י ם

גלענצנד!.. ווייטער?

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

און ווייטער — גאָרנישט!
מען האָט מיר אָט — איר זעט? —
דעם הויקער נישט אַראָפּגענומען...
איך האַלט אים פעסט ביי זיך,
און שרעקט זיך נישט...
אַ, גיכער שרעקט מען זיך פאַר מיר...

הי ג ו ג ע נ ה י י ם

דאָס וויל איך, אמת, זאָגן, ראַבי...

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

וואָס ווילט איר זאָגן, גנעדיקער חי גוגענהיים?
סיאיז מיין פאַרלאַנג צו הערן,
וואָס האָט אייך געזאָגט
די פיל-געשעצטע טאָכטער אייערע,
די צנועהדיקע פרומעט בת אברהם שתחיה..
אויך זי, חי גוגענהיים...

הי ג ו ג ע נ ה י י ם

יאָ, טערערטער ראַבי...



זאָל איך ערלעך זאָגן?

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

נאַטירלעך.

הי ג ו ג ע נ ה י י ם

כיהאָב עגמת נפש.

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

עס שאַט נישט...
דעם עגמת נפש לייגט אַרויף אויף מיר..
איך וועל אַריבערטראָגן...
מיר זענען קינדער פון אַ פאָלק —
חי גוגענהיים,
וואָס גאָט באַשאַנקען האָט אין מדבר נאָך
מיט אַ באַרג —
אַ הויקער פון גערולד,
דער הר סיני און דאָס עם קשי עורף
זענען ווערט זיך איינס דאָס צווייטע,
און קיין שום לאַסט און צער עס קאָן אונדז נישט דערדריקן — —
חי גוגענהיים... וואָס האָט געזאָגט דאָס פריילין פרומעט?

הי ג ו ג ע נ ה י י ם

אַ, ראַבי מאָזעס...
געדענקט איר, אין דעם באַר פירמאָנט
איך האָב אייך אָנפאַרטרויט:
— „ראַבי מאָזעס, מיר פאַרערן אייך...
„צום-מערסטן אָבער איז באַגייסטערט
„פון דער קלוגשאַפט אייערער מיין טאָכטער...
„געדענקט איר — כיהאָב געזאָגט:
„עס וואָלט געווען פאַר מיר דאָס העכסטע גליק
„צו האָבן אייך, רי מאָזעס, פאַר אַן איידעם..
„מיין טאָכטער פרומעט וועט זיך פרייען אייך צו זען —

„איך האָב איר פיל דערציילט פון אײַך"...
אַזוי האָב איך געזאָגט!

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

איך האָב איר נעכטן אויך דערציילט אַ סך —
פון אַלץ, וואָס פרויען קאָן צום מערסטן אימפּאָנירן:
פון פילאָזאָפיע און מעטאַפיזיק פון די דאַמען-מאָרעס...

ה י  ג ו ג ע נ ה י י ם

נו, זענט איר דאָך, געשעצטער ראַבי
אַ דענקער — דער „יידישער סאָקראַטעס"
אַ גרויסער מאַן,
אַ קלוגער מוח...

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

יאָ, אָבער כ'וויל וויסן, גנעדיקער הי גוגענהיים, וואָס זי...
וואָס זי געזאָגט האָט וועגן מיר...

ה י  ג ו ג ע נ ה י י ם

אַ גרויסער חכם זענט איר —
וועט איר נישט דעם קינד פאַריבל נעמען...

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

אַך, זאָגט שוין!

ה י  ג ו ג ע נ ה י י ם

זי האָט געזאָגט —
אַ שרעק האָט זי אַרומגענומען,
ווי נאָר זי האָט דערזען אײַך...
וויל... איר...

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

ווייל כ'האָב אַ הויקער?..

ה י  ג ו ג ע נ ה י י ם

ליידער...



מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

יאָ... ליידער...

פ ר ו מ ע ט

(איר שטימע פון יענער זייט טיר)

פּאַפּאַ! מען קאָן אַרײַן?..

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

ליידער... איך האָב עס אויך אַזוי געטראַכט!..
ביטע... קומט אַרײַן!

(פרומעט און איר חברטע רויזליין קומען אַרײַן).

פ ר ו מ ע ט

אַך, סאַראַ גאַסט... פּאַפּאַ!..
פאַרוואָס'טו נישט געזאָגט?..

(שטעלט פאָר)

הי מאָזעס מענדעלסאָן פון דעסאַו --
דער „דייטשער פּלאַטאָ",
דער „יידישער סאָקראַטעס"...
מײַן פרײַנדין — רויזליין...

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

(פאַרנייגט זיך)

איך האָב עס אויך אַזוי געטראַכט —
חם... אַ רויז!..
און איך — אַ דאָרן...

ר ו י ז ל י י ן

אַך, הער מענדעלסאָן —
דער פרײַנט פון אונדזער דיכטער לעסינג...

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

אַן אַנגעשטעלטער פון דער פירמע בערנאַרד אוים בערלין —
יאָ, איך אַליין — דער מײַסטער פון די מוסטערן פון דאַמען-
שטאָפן...

בוכהאַלטער פון באַרוף
און דאָך „געטויפטע" אויף חכמת פילאָזאָפיע,
וואָס זוכט די אַלע אומרעכט און די רעכט
פון גוט און שלעכט
באַרעכטיקן פאַר אַלע...

פ ר ו מ ע ט

די רעכט באַרעכטיקן... אָ, הערלעך!
וואָס זאָגסטו, רויזליין?

ר ו י ז ל י י ן

הערליך!

ה' ג ו ג ע נ ה י י ם

איר וועט מיר מוחל זיין אַ ווײַלע, ראַבי מאָזעס,
וואָס כ'וועל דאָ איבערלאָזן אייך,
אין דער געזעלשאַפט פון די דאַמען!

(צו די מיידלעך)

כ'גיי זאָגן דער מאַמאַ,
זי זאָל מכבד זיין דעם גרויסן גאַסט,
דעם גאַסט דעם טייערן מיט כיבוד —
ווי עס פּאַסט!

פ ר ו מ ע ט

פּאַפּאַ! מיר וועלן בײדע
געבן זיך די מי.
פאַרווײלן זיך מיט רייד
פון פרייד-פילאָזאָפי!

ר ו י ז ל י י ן

כי-כי, פילאָזאָפי..
פילאָזאָפי פון פרויען איז פאַרווײלונג —
נישט וואָר, ה' מענדעלסאָן?



פ ר ו מ ע ט

נישט וואָר, הי מענדעלסאָן?

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן

יאָ — די שיינקייט פרײדיקע עס איז די טוגנד פון די פרויען...

פ ר ו מ ע ט

אַך, זאָ! הי מענדעלסאָן —
כ'האָב דערציילט פאַר רויזליין,
ווי ס'האָט אַ גלח פאַרגעלייגט אייך,
איר זאָלט זיך שמדן,
און וואָס איר האָט דערויף געענטפערט.

ר ו י ז ל י י ן

זי קאָן זיך נישט דערמאָנען, ווי עס קלינגט דער פערז...

פ ר ו מ ע ט

ווי קלינגט עס?

ר ו י ז ל י י ן

זאָגט עס אונדז!

מ ע נ ד ע ל ס אָ !

איך בין בוכהאַלטער ווי באַקאַנט,
און קויפמאַן —
אַז כ'גיב עפּיס — דאַן מוז איך וואָס באַקומען...
וואָס קריג איך אַז כ'וועל זאָגן?

פ ר ו מ ע ט

— איר וועט שוין זען, הי מענדעלסאָן..

ר ו י ז ל י י ן

מיר האָבן שוין באַשלאָסן.

מ ע נ ד ע ל ס אָ

קריג איך, תּייסט עס?

ביידע מיידלעך
איר וועט זען...

מענדעלסאָן
ס׳וועט זיין אַ ריוח והצלה...
צי אפשר אַ פאַרלוסט גאָר —
חי וונדערבאַר,
צווישן פרויען — ווערט דער פילאָזאָף אַ נאַר...

רויזליין
מיר האָבנים גוט געהערט, חי מענדעלסאָן —

פרומעט
און... לוסט דערפאַר עס ווערט זיין שכר...

מענדעלסאָן
אַלזאָ, געוועזן איזים אַזוי:
ס׳האָט דער גלח, טעלער איז זיין נאָמען,
געשריבן צו מיר אַן איינלאַדונג,
איך זאָל זיך טויפן —
געשריבן העכסט-פּאָעטיש — אַרויסגעזונגען,
און ס׳האָט די איינלאַדונג אַזוי געקלונגען:

„An Gott, den Vater, glaubt Ihr schon,
So glaubt doch auch an seinen Sohn,
Ihr pflegt doch sonst bei Vaters Leben
Dem Sohne gern Kredit zu geben“ —

דאָס האָט ער מיר אַזוי געשריבן,
דער גלח טעלער,
און כ׳האָב אים אויך געענטפערט —
אַרויסגעליגט אים אויפן טעלער,



ווי מיין שטייגער — „פּנחס־רשי״,
נאָר אין גראַמען:

„Wie koennten wir Kredit
Ihm geben?
Der Vater wird ja ewig leben!“

ביידע מיידלעך
וונדערבאַר!

פרומעט
נו, רויזליין?!.

רויזליין
וונדערבאַר!.. געטלעך!

פרומעט
וואָס האָב איך דיר געזאָגט?.

מענדעלסאָן
יאָ, וואָס האָט איר צוגעזאָגט:

פרומעט
מיר געדענקען!
רויזליין וועט אונדז עפּיס זינגען.

מענדעלסאָן
מיר וועלן הערן...

רויזליין
גוט, כ׳וועל זינגען:

אין אַ וועג אַ ווייטן — זייער ווייטן
האָט אַ יונגער ריטער זיך פאַרמאָסטן — ווייט...
ס׳איז געווען אין אַלטע, אַלטע צייטן,
האָט דער יונגער ריטער זייער לאַנג גערייט...
— ריטער, ריטער — ביזט אַ נאַר,
דו פאַרשטייסט נישט דיין פאַרלאַנג
אין דיין האַנט דען הארט און שמאָר,

שמייכל דיין האַנט אויס און דערלאַנג.
ריטער, ריטער — קוק זיך אום —
רייט נישט ריטער —רייט נישט חיים —
נעם דיין כלה, האַלדז אַרום,
דאָ איז זי דאָך — ביי דיין זייט!
אָט דער יונגער ריטער שמאָליק און איידל
אויסגעפּוצט אין סאַמעט, אויסגעצירט און זייד,
האָט געזוכט זיין זיווג — סיכּלה-מיידל,
סיהאָט דער יונגער ריטער סילעבן לאַנג געריים.
(ריטער, ריטער א. אַז. וו.)
און נאָך איצט דער ריטער — אָט דער ריטער,
קלאָגט זיך — ער געפינט נישט סיגליק אין ווייטן וועג,
אים איז טאַקי, נעבעך, זייער ביטער,
און ער קאָן נאָך שטאַרבן יונג, ווי זיינע טעג!
(ריטער, ריטער א. אַז. וו.)
(ביידע מיידלעך טאַנצן אַ מענועט. מענדעלסאָן מישט זיך אַריין אין טאַנץ — מאַכט עטלעכע פאַס. פרומעט טאַנצט ווייטער. רויזליין בלייבט שטיין, קוקט אים אָן, און לויפט אַרויס מיט אַ געלעכטער. פויזע. פרומעט — אַרונטערגעלאָזט די אויגן).
מ ע נ ד ע ל ס אָ ן
סיפריילין רויזליין האָט מיר שוין באַצאָלט —
סיאיז זייער שיין געווען דאָס ליד —
און דאָס געלעכטער — אויך...
פ ר ו מ ע ט
אַנטשולדיקט —
מסתם איז עפּיס איר געשען...
כיוועל גיין אַ קוק-טון...
מ ע נ ד ע ל ס אָ ן
ניין, בלייבט —



איר הוב זי האָט דערליידיקט שוין;
זי א י ז אַנטשולדיקט...
נאָר א י ר, געשעצטע, ליבע פרומעט,
איר זענט נאָך ש ו ל ד י ק...
איר זענט מיר... גאָט... מיין גאָט —
די נשמה שולדיק!
(לענגערע פויזע).
פ ר ו מ ע ט
הי מענדעלסאָן,
כיהאָב געוואָלט אייך פרעגן...
מ ע נ ד ע ל ס אָ ן
פרעגט!
פ ר ו מ ע ט
איז עס וואָר, הי מענדעלסאָן,
צי גלויבט איר —
מ ע נ ד ע ל ס אָ ן
גלויבן גלויב איך שטענדיק...
פ ר ו מ ע ט
צי גלויבט איר דען, אַז גאָט אין הימל
א י ז מזווג-זווגים?..
מ ע נ ד ע ל ס אָ ן
געוויס!.. געשעצטעס פריילין פרומעט
אויף הימל און אויף דריערד...
די גמרא זאָגט:
ארבעים יום קודם יצירת הולד —
מיט פערציק טעג נאָך איידער
עס ווערט דאָס קינד געבוירן,
רופט מען אויס אין הימל:
בת פלוני לפלוני...

און איידער כ'בין געקומען אויף דער וועלט,
איז אויך געוואָרן אויסגעדרשן דאָרט... מיין זיווג...

פרומעט

חי מענדעלסאָן...

מענדעלסאָן

יאָ, פריילין גוטענחיים...
כ'האָב אָבער דעמאָלט גלייכצייטיק פאַרנומען,
אַז מיין באַשערטער איז באַשערט...

פרומעט

חי מענדעלסאָן...

מענדעלסאָן

אַז מיין באַשערטער כלה איז באַשטימט
צו האָבן אויפן רוקן גאָר אַ גרויסן הויקער...
נו, האָב איך זיך צעוויינט
פאַר אונדזער אָב הרחמים
אין טרערן — אין אַ טייך — צעוויינט זיך,
און גאָט געבעטן:
— גיב, ליבער, הימלדיקער פאָטער
מיר דעם הויקער,
און זאָל די כלה מיינע זיין מיט לייטן גלייך.
חי פריילין פרומעט, חי איר, חי דו...

(פרומעט שטרעקט אים אויס די האַנט, צו וועלכער ער פאַלט צו מיט הייסע קושן. עכאָ פונם מענועט־ניגון. פרוי גוגענהיים גייט פאַרמעלעך אַריין מיט אַ טעלער אויבסט. ס'פאַלט אַרויס פון איר האַנט און צוברעכט זיך. פרומעט לויפט צו איר צו, באַהאַלט דאָס פנים אויף דער מאַמעס ברוסט).

פרוי גוגענהיים

מזל טוב, דיר טאָכטער!



מזל טוב אייך, ראַבי מענדעלסאָן!

(ס'קומען אָן: הר' גוגענהיים און דויזליין. מען קושט זיך. מען גיט זיך אָפּ מזל־טוב).

מענדעלסאָן

מן השמים איז עס אָפּט אַזוי:
ווער ס'איז דעם דאָזיין דורש וחוקר —
דער ווייסט, אַז ס'קומט דער הויקער גאָר דער פרוי...
און דאָך — דער מאַן נעמט פרייוויליק אויף זיך דעם הויקער!

# תמות נפשי —

(אינם דיילפּן־זאַל פונם גרויסן פּלשתים־פּאַלאַץ איז חוץ דעם בלינדן ש מ ש ו ן הגבור און דלילהן קיינער נישטאָ. דער זאַל איז איבערפולט מיט עכאָיס פון שכורע פרייד־און־נצחון־קלאַנגען, וואָס דערטראָגן זיך אַהער פון אַלע זייטן און אויך פון אויבערשטן גאָרן).

ד ל י ל ה

איצט — נאָך דעם, ווי כ׳האָב דיך איבערגעגעבן
צו שונאים דיינע — מיינע ברידער,
נעמט רחמנות גרויס אַרום,
און גליענדע חרטה
מיין לייב !
מיין לייב עס בענקט איצט ווידער:
אין גרויסן דורשט דאָס בלוט מיינס ריזלט
און וויל אַ ווייל נישט ווערן שטום...

ש מ ש ו ן

נישט בלייב דאָ, ווייב!

ד ל י ל ה

אַנטרונען איז דיין קראַפט:
ביזט בלינד,
און שוואַכקייט-פיבער
אין גוף-פאַרשלאַפט
עס פייניקט שמשונען דעם גבור,
וואָס האָט צו איין-און-איינציקייט געדינט!



ש מ ש ו ן

נאַריש קינד,
נישט בלייב דאָ איצט —
פאַרשווינד!

ד ל י ל ה

געבליבן איז פון קראַפט אפילו נישט קיין שאָטן,
קיין אָנצוהערעניש אפילו
פון לייבן-ברילן —
און סיפייניקט מיך רחמנות און חרטה,
בעת עס זינגען זיג אין בערגער און אין טאָלן,
בעת עס יובלען מיט נצחון-לידער,
מיינע ברידער!

ש מ ש ו ן

זיי רואיק, דלילה,
אין זייער זיג עס איז דער אָנהויב פון מפּלה!
נצחון פונם חטא
פאַרגיין וועט אין געלעכטער און געשפּעט,
ווי שנעל פאַרגאַנגען איז
דער חיים-פאַררעטערישער גלעט
פון דיר, דלילה!
דו זאָגסט: כ׳בין בלינד,
עס זענען אויסגעשטאָכן מיינע אויגן!
איזיס אפשר אמת דאָס אַצינד
אָבער — שפּעטער — באַלד דערנאָך,
ווען סיפּליט מיין שווער געמיט פון הינער-פלעט,
ווי שאַרפע פייל פון פיילנבויגן,
דאַן זעט מיין אויג דעם תוך —
די גרויסע בראָך פון געצנדינער,
וואָס צווישן אַלע געטער זייערע
זיי קאָנען זיך דעם איינציקן נישט אויסגעפינען —

דעם גאָט פֿון אַלדראָס-גוטס,
דעם גאָט, וואָס איז באַזינונג,
וואָס איזן איז ער אונדזער שורץ,
דעם גאָט, וואָס איז אין אונדז,
אין יעדן אונדזערן באַגינען —
דו נאַריש, זינדיק קינד, דלילה!

ד ל י ל ה

האָט זיך מיר געדוכט —
כ'האָב שוין ווידער קראַפֿט -
כ'האָב דערהערט איצט
אין דיין שטים שוין
אין טראַציקייט אין שטילער
פֿון די ווערטער דיינע, שמשון!

ש מ ש ו ן

נישט טראַציקייט
אַנטקעגן פֿינסטערן נצחון,
וואָס אין דער ווירקלעכקייט עס איז געשען,
נאָר — מיט די אויגן מיינע,
דורך אַלע חרפּות און יסורים אויסגעשטאָכן,
אַ פֿלוצלונגער ד ע ר ז ע ן איז דאָס,
און ווייטער אומענדלעכער ז ע ן,
דלילה!

ד ל י ל ה

ווען די ווייַנען אין די בלומן
די נישט גוטע
פֿון מיינע ברידער שפּילן,
וועקט זיך נישט אין דיר אַ ווידערווילן
צו דיין גאָט און וועלט
און דראַנג צו תּיליקייט פֿון אַ נקמה-טאַט?..



ש מ ש ו ן

שווייג, דלילה,
דיינע רייד — דאָס פֿיל איך — איצטער צילן
ווידער מיט פֿאַרראַט!

ד ל י ל ה

אַ, שמשון, ניין!
צי הערסטו נישט פֿון ווערטער מיינע דעם געוויין,
איך יונגער שיינקייט מיין,
וואָס אויסגעבליבן איז אַליין
צו דער געדעכעניש פֿון דיר פֿאַרשקלאַפֿטע —
אַן עלנטע עגונה,
פֿאַר וועלכער ס'האָבן זיך פֿאַרלאָשן
אַלע זיבן זונען
פֿון דיין אַוועקגעגאַנגענער,
דער גאָט-געבענטשטער נזיר-קראַפֿט?
ניין, שמשון, ניין!

ש מ ש ו ן

צוריקקערן עס וועט די קראַפֿט,
געבוירן פֿון יסורים און פֿון פּיין!

ד ל י ל ה

פֿאַרוואָס האָט עס אַזוי צו זיין באַדאַרפֿט
דו זאָלסט מיר אויסזאָגן דעם סוד פֿון דיין נזירות?
אַ, גאָט — ד י י ן גאָט,
פֿאַרוואָס'ט ער דיר די שוואַכקייט צוגעלאָזט,
דו זאָלסט פֿאַרטרויען מיר דעם סוד,
וואָס האָט מיר דיך אַוועקגענומען,
אַוועקגערויבט — ?

ש מ ש ו ן

און איך האָב דיר,

דער ליבשאַפט דיינער מיט מיין האַרץ געגלויבט
הגדתי את כל לבי!
און איזן איזים געשען,
ווייל אין פאַרבלענדונג וונדערלעכער פון מיין ליבע,
די דאַמאָלטיקע בלינדקייט מיינע האָב איך נישט דערזען!
און ווען פאַרראַט עס איז געווען דיין מיין,
דלילה,
און שקר ווייבערישער אין דיין חן
אפילו —
ביזט דו נישט שולדיק,
אַזוי-אָט אפשר גאָר געדען
פון גורל איז דער ווילן —!
אָבער איך, דער מאַן, דער גבור,
מחמת שוואַכקייט, איז אין רויך
אַוועק מיין כוח —
אַוועק — אַ בוגד אין מיין פאָלק
און תפילה!

(הויבט די הענט)

ד ל י ל ה

עס זענען דיינע הענט אין הויך געהויבן,
אָבער, שמשון, זאָג, פאַרוואָס, פאַרוואָס —
נישטאָ אין זיי קיין צייכן און קיין אות
פון צאָרן אויפגעברויזטן?
פאַרוואָס נאָך אויסגעשטרעקטע
זענען דיינע הענט אין גלויבן,
און נישט, כנהוג, אין פויסטן?

ש מ ש ו ן

דו ווייסט עס נישט פאַרשטיין, ווען כ׳וועל דיר זאָגן
דעם ריינעם אמת,



אַז, ווען אין טויזנט פלאַגן
און אין קלעם איז
דאָס האַרץ און די נשמה,
איז — בראשית, אורשפרונג פון יעטוועדער קראַפט.
אין איטלעכער יחידישער און פאָלקס-מלחמה,
דער גייסט, וואָס אָן אַן אויפהער שאַפט,
דער אורקוואַל פונם חיות, פונם קיום-זאַפט:
אמונה און בטחון —

ד ל י ל ה

און דאָך ביזטו אין הדייען איינגעבראָכן,
און ס׳ציטערן דיר ביין און קנאָכן!

ש מ ש ו ן

דאָס האָב איך איצטער ערשט דערזען, דערמאָנט:
אמונה און בטחון —
וואָס מאַכט באַשייד
אין איטלעך צער און לייד,
אין איטלעכן פאַרמעסט-געפעכט און שלאַכט!
דעריבער האָט אויך משה אויסגעשטרעקט די הענט געהאַלטן;
נישט אין פויסטן, נאָר אין אַ באַפעלעריש געבעט,
אין קאַמף פון פאָלק מיט דעם עמלק —
אין דעם געפעכט פון טאָג מיט נאַכט!
גייערט נישט באַשערט איז אים געווען
אַריינגיין אינם לאַנד געבאָטן,
ווי מיר איז נישט באַשערט,
ווי מיר — וואָס האָט באַגערט
די פרייד פון דיר, דלילה,
אין מיין נזירות,
ווי מיר איז —
ווי מיר ס׳איז איצטער נישט באַשערט
צו זען די אויסלייזונג פון פאָלק און מענטש —

ד ל י ל ה

וואָס, שמשון, גייסטו טון?
איך זע מיט דיינע הענט דערהויבן וואַקסטו —
דיין נישט דערגרייכבאַרקייט עס וואַקסט,
דו ווערסט, איך זע, אַלץ העכער!
אַרום אַ שוואַרצן אַקס
איך זע צוויי פייערדיקע רויטע זונען
עס פלאַקערן אין דיינע בלינדע אויגן-לעכער...
אָ, שמשון — וואָס? וואָס גייסטו טון?

ש מ ש ו ן

נישט אָפּשטעלן די זון,
דלילה — !
איך קאָן נישט שטערן מיין איר גאַנג
און וועג צו טאָג
און אויספירן איר זילן!

ד ל י ל ה

צו וועלכע צילסטו צילן, שמשון,
און חולשות דיינער?
וואָס גייסטו טון?

ש מ ש ו ן

כ'וויל טון, וואָס איצט — געוואָרן מיין באַשטים שוין,
וואָס — קיין צוריקוועג איז נישטאָ דערפון...

(גרייפט מיט די הענט צו די זיילען)

ד ל י ל ה

אָ, געטער, הייליקע, וואָס גייט ער טון?

ש מ ש ו ן

אַצינדער קאָנסט שוין בלייבן, דלילה,
ס'איז אפשר בעסער, וואָס ביזט נישט אַוועקגעגאַנגען,
און דרויסן מיט זכרונות — בענקשאַפט קילן,



דלילה,
בלייב דאָ — און רואיק זיי נאָר:
עס וועט די זון פאַר אונדז שוין מער נישט שיינען,
אויף קינדער פון דער זון געבוירן,
און לייכטזין און אומזיניקייט פאַרלוירן —

ד ל י ל ה

אָ, שמשון,
פאַרוואָס-זשע ציטערט איצט מיין האַרץ
און טרויעריקער פרייד,
ווי ווען איך האָב געהערט פון דיר די גבורה-רייד,
ווי ים צעוויגט אין שטורעם און אין מורא,
ווען דיינע נזיר-האָר איך האָב געשוירן?

ש מ ש ו ן

ווייל ס'איז אַזוי,
דו, חינט פון ים — דו, פריי,
וואָס ווידער האָט אין מעכטיקער, און אויסלייזערישער לופט —
צעוויגט מיין ברוסט —
ווייל כ'האָב דיך ליב, דלילה,
ווי זון, לבנה און די שטערן!

ד ל י ל ה

(קניט פאַר אים און קושט אים דיינע פיס).

אָ, שמשון! שמשון! שמשון!
וואָס קאָנסטו מיט דיין שוואַכקייט,
מיט דיין אומגמאַכט טון?

ש מ ש ו ן

די מאַכט פון אומגמאַכט איז צ ע ש ט ע ר ן!
פאַר זשאַווער מורא האָט דער שטאָל,
דלילה,
טאָ וועלן זיי זיך באַלד דערוויסן און דערפילן,

וואָס ס׳הייסט די שפלות אָנגעצווונגען,
דער נאָמען מענטש פאַרשעמט,
און מיט די חרפה-רונגען,
די אייזערנע געקלעמט...
איך שפיר מיין אוממאַכט ווערט צו מאַכט, צו כוחות אָפגע-
פרישטע —

שטאַרקער איצטער, ווי אַמאָל!
און באַלד וועט זיין אַ סוף צו דער צרעת-משתה!
גענען צו מיר, דלילה
און נעם מיך אָט אַזוי אַרום —
ווי אַמאָל —
מיין ווייב...
און אָט אַזויצוזאָגן זאָג:
— הוי תמות נפשי עם פלשתים!
שמע ישראל!!!
(אַלץ קראַכט, ווערט צעשמעטערט, צעשפליטערט און צעשטויבט)



# בײַ די טויערן פון ירושלים

(אין בלוט־אונטערגאַנג איז איינגעטונקען געווען די ערד און די שטאָט פון אַלע שטעט, ירושלים, ווען עס האָט געשלאָגן די לעצטע שעה פון דעם „שטערן פון זיין תקופה", פון ר׳ יהודה הלוי, וועלכער איז לויט היינען, „ווי אַ ריזיקער עמוד האש — פאַרן קאַראַוואַן פון זיינע באַטרויערטע ברידער, מיט אַ ליד געגאַנגען איבערן פינסטערן מדבר פון גלותי".

אין יענעם פאַרנאַכט האָט זיך ר׳ יהודה הלוי פאַר די טויערן פון ירושלים, פון וועלכע ער איז אַרויס — אָפגעשטעלט.

שטיל איז ער געזונקען אויף אַ שטיין, מיד און צובראָכן, און מיט אים איז בלויז זיין שאָטן געווען — זיין צווייטער „אידי" — אַבול־כאַסאַן אַל־לאַווי.

יאָ, אַ פאַרנאַכט האָט נאָך אפשר קיינמאָל נישט געשפילט אַזאַ ממעקימדיקן ניגון פון אַנטרישונג און יאוש, ווי דאָס איז געווען אָט אין יענעם פאַרנאַכט).

אַבול־כאַסאַן
אָקאָרשט אַרויס —
נאָך נישט אַדורך קיין הונדערט שריט...
און — מיד.

ר׳ יהודה הלוי
יאָ, מיד, אַבול-כאַסאַן:
די שווערסטע מידיקייט איז נישט פון גיין,
פון שפאַנען מיילן,

פון אַקערן די ימים און מדבריות;
די שווערסטע מידיקייט עס קומט,
אַז ס'איז נישטאָ צו גיין אַוועק,
נישטאָ די פוסטריט, ווו צו וואַנדרן,
און ס'ווייזט זיך אויס אין אויסגאַנגלאָזיקייט געקוועלט,
אַז אויך אין לאַנד, פון ארני —
האָט גאָט פאַרפעלט!

אַבול-כאַסאַן

מיין גאָט! מיין גאָט!
דאָ האָט געוווינט די שכינה
און דער נביא!

ר' יהודה הלוי

צוריק אַוועקגיין אין מיין צווייטער חיים —
טאָלעדאָ, צי קאָרדאָוואַ,
וואָס האָט געבוירן מיך,
מיך אויסגעוויגט און אויסגעכאָוועט,
וואָס האָט דאָס ליד אין מיר פאַרזייט,
ווו ס'איז די טאָכטער מיינע
אין דער האָפענונג דערפרייט,
ווו ס'זענען נאָנטע מיינע,
מיינע פריינט
אין שטענדיקער דערוואַרטונג אויף באַשייד?
ווו זאָל איך גיין?
ווו זאָל איך זוכן איצט אַ וועג אַ נייעם?

אַבול-כאַסאַן

צוריקגיין, ווו ס'איז נאָנט —
ירושלים!

ר' יהודה הלוי

צוריקגיין קיין ירושלים,



וואָס ס'איז נישטאָ —
וואָס אין דער ווירקלעכקייט איז נישט פאַרהאַן?
וואָס איז אַ דמיון בלויז
אַ חלום נאָר,
אַ שאָטן — אָט ווי דו,
אַבול-כאַסאַן!

אַבול-כאַסאַן

מיר זענען דאָך אָקאָרשט אַרויס פון דאָרטן!
אָט זענען זיי די טויערן,
די בערג,
דער מגדל דוד,
אָט איז ירושלים-הימל —
מיר זענען דאָך אָקאָרשט אַרויס פון דאָרטן!

ר' יהודה הלוי

ס'איז שאָטנס, שאָטנס נאָר —
געשפּענסטער-גאָרטן!
נישט דאָס ירושלים האָב איך אין מיין טריט
און ליד
געאַנט —
נישט דאָס איז דאָס געבענטשטע לאַנד,
וואָס ס'איז פאַר וועלט געבאָטן,
ווי דו איז עס — אַצינד,
בלויז צער-און-טרויער דורכגעזאַפּטער שאָטן,
פון קבר אבות-וואַנדרער באַטראָטן!

אַבול-כאַסאַן

קיין טוי עס פאַלט נישט אויף דיין האַרץ,
יהודה —
קיין לינדערונג עס קומט נישט צו דעם דורשט פון דיינע ווערק
עס ליגט נישט איצטער אויף יהודה-בערג
קיין ראַסטע...

ר׳ יהודה הלוי
אַדני... נגדך כל תאוותי, —
און ווו ביזט איצטער גאָט —
דאָס ווייס איך נישט !
אין וועלכן ביזטו עיר חמקלט,
וווּ ביזטו ווו דען איינגעהילט,
אין וועלכן סוד,
אין וועלכע שלייערן און הייליקע געווענדער —
אַז בינען - בינסטו נישט
אין אָרט ווו ס׳איז געוועזן דיין יסוד,
אין האַרץ פון אַלע לענדער ? !
אַבול - כאַסאַן, דער שאָטען מיינער
קאָן זיין ווייסט —
אַבול-כאַסאַן
יהודה, זיי געטרייסט :
די טרייסט - לייטזעליקייט
וועט ברענגען דיך צום וויסן !
ר׳ יהודה הלוי
אַזוי אין דורות אָפּלעבן
און בלויז פון טרייסט געניסן,
מיט נחמו - נחמו
אויף געזאָטלטן בטחון,
אויף אָט דעם אייזעלע דעם אַלטן
אַרומרייטן מיט אָפּגעשאָכטענע חלומות
מיט האָפענונגען אָפּגעשטאָרבן,
אויף שטענדיק איינגעפּאַקט
אין אָרימער, אין בעטלער - טאָרבע,
און אויסקוקן אויף צוגעוואָרפן ביין,
וואָס איז גאָר אָפּט — אַ שטיין —
אַ שטיין. וואָס האָט אונדז קיינמאָל אויסגעמיטן,



און שטענדיק אין דעם מיטן האַרץ געטראָפן,
און שטענדיק דאָרט געבליבן ליגן, ווי אַ לאַסט
אין ווונד, וואָס אייביק וועט זי בלייבן אָפן
און פון אכזריותן פאַרהאַסט —
אַבול-כאַסאַן
איז קיין גואל און קיין רופא דען נישטאָ,
די ווונד צו היילן — ?
ר׳ יהודה הלוי
דאָס האַרץ די גרויסע פון דער וועלט —
מיין אומגליקלעך, ביז משוגעת - געהאַסטעס פאָלק,
וואָס אָפן איז פאַר יעדן לייד און נוים,
קאָן אפשר אויסהיילן דער טויט —
אַ קבר פון מיר איילן !
די אורקראַפט רויע פון די פעלקער,
ווען ס׳איז אפילו מיטן מוח שטאַרק באַוואָפנט,
פירט אומאויפהערלעך דעם פאַרמעסט
אַנטקעגן האַרץ, וואָס — אַלע וויל אַריינגעמען,
וואָס פאַר אַלעמען, אין גרויס רחמנות צו דעם קיום,
איז עס אָפן...
צי וואָלט נישט בעסער דען געווען דער טויט,
וואָס וואָלט אונדז פון די גורל - גרוילן אויסבאַהאַלטן,
ווי אויסבאַהאַלטן האָט עס
אונטער קנאַפּע קברים און מצבות
אין דער געשיכטע, קונסט און די לעגענדן,
די אין פאַרגעסנקייט אַוועקגעגאַנגענע,
די פעלקער אַלטע ?
צי וואָלט נישט בעסער דען געווען אַנטרינען,
ס׳פאַרשווינדן פון דער אויבערפלאַך פון דר׳ערד —
צי וואָלטן מיר אין טויט די אויסלייזונג געפונען ?
איז אָבער נישט באַשערט

פאַר אתּדיז דער טויט —
ווייל מיטן אויסגיין פונם האַרץ,
מוז אומקומען דער גאַנצער גוף:
עס וועלן אָפּשטאַרבן די אברים די אַלע
און אויסהויכן עס וועט די זינדיקע נשמה
פון דער גאָרער וועלט!
„אַ, ניין! מיר זענען נישט אין מעלה פון אַ מת!
„מיר זענען נאָר אין מעלה פון אַ פיבערדיקן חולה,
„פון וועלכן רופאים אַלע
„עס האָבן זיך שוין אָפּגעזאָגט!
„דערוואַרט דער חולה הילף זיינע
„אין וונדער —
„ער וואַרט זיין תשועה דורך אַ מופת,
„דורך אַ שינוי,
„דורך אַן־ענדערונג אין די נאַטור - געזעצן!"

אַבול-כאַסאַן

ענדערונג פון טבע מענטשלעכער?
איז לאַנג צו וואַרטן נאָך?

ר' יהודה הלוי

אפשר אייביק, —
ביז סוף פון מענטשן-מין.
עד סוף הדורות!

אַבול-כאַסאַן

ווי שוואַרץ! ווי פינסטער!

ר' יהודה הלוי

יאַ — שוואַרץ און פינסטער אָט אַזוי,
אַז אָפּטערס דוכט זיך מיר,
דאָס ס'איז בעת בריאת עולם
דעם אייבערשטנס באַפעל



„יהי אור" — אַוועק אין גיהנום —
נישט דערהערט געוואָרן...
חי זעסט דאָך, זעסט, אַבול - כאַסאַן,
ווי ס'זעט איצט אויס
דער בענקשאַפט אָנגעזעטיקטער בן ששים,
דער פון דער ווייזהייט איינגעבויגטער מאַן —
ווי כ'זע איצט אויס,
וואָס ס'האָט אויף מיר געזאָגט
אין די בר מצווה - יאָרן
ר' משה אבן - עזרא,
אַז פון קאַסטיליען האָט אויפגעשטראַלט אַ ליכט,
וואָס וועט באַשיינען גאָר די גאַנצע וועלט!
צי ווייסטו, ווי ס'איז חושך אין דעם ליכט,
וואָס האָט געזאָלט די וועלט באַשיינען?

אַבול-כאַסאַן

יהודה —
מיר האָבן זיי געגעבן ס'ליכט פון לידער,
פון לידער, וועלכע זענען אויך אַ שיין
פון אהבה און פון תפילה!

ר' יהודה הלוי

און ווען אפילו —
און ווען אפילו אין די יונגע יאָרן מיינע,
וואָס איז געווען מער זינלעכקייט, ווי זין,
פון שטערן אין באַגערן
די דורכגעפלאָנטערטע באַווינקט,
און ווען עס האָט אַפילו
די שירות ותשבחות געזונגען נאָר— אינסטינקט,
און כ'האָב פאַרבליניעט זיך אין הימנען
צו ווייך, נאַטור, צו פרויען-שיינקייט,
צו אהבה וווּנדערלעכער — צו דער ליבע

מעַמקאַ דליבאַ —
האָב איך דאָך שנעל דערזאָגט
מיט אַלע אברים און אלע חושים,
אַז באַשטימונג איז — דאָס גליק פאַר אַלע,
אַז פאַר אַלעמען באַשערט איז אַלדאָס, וואָס ס׳איז שיין
און אַז פאַרברעך איז יעדער גרעניץ
און באַגנוגענונג פון זיך, ווי אויך פאַר זיך אַליין!
אַבול-כאַסאַן
ס׳איז מעשי בראשיתדיקע פשטות —
ר׳ יהודה הלוי
יאָ פשטות, און דערמיט איז׳ס אמת,
וואָס גילטן וועט עס
טראָץ פאַרקריפּלונגען לעולם ועד!
יאָ, יאָ, אבול כאַסאַן,
יאָ, ווען איך קאָן איצט אויסטאָן
לבוש פון דעם מהות —
ס׳באַוווּסטזיין — מענטש און ייד,
ווען ס׳בלייב בלויז ביי דעם תמימות פון געמיט
פון פייגלשע פאָעטן,
אָ, דעמאָלט וואָלט איך אויך אוודאי
געצווישערט סתם
א פריילעכע, צי פינסטערע באַלאַדע,
אַ מיר-נישט-דיר-נישט-דאָ-געדאַכט-געדיכט,
אַ שיינעם, פערלדיקן,
בלומענדיקן,
ריטערליכן שיר —
אַבול-כאַסאַן
פּרוביר אַזוי, ווי פריער!
ר׳ יהודה הלוי
נאָר ווי איז מיר:



איך בין א תהום — א ים
מיט כוואַליעס אויפגעשטורעמט,
מיט לייד אויף לייד, וואָס אויפגעטורעמט
און אינם כאַאָס —
אינם תוהו ובוהו,
עד היום נאָך
צו די בראשית-אמתן נאָך-נישט דערפורעמט...
איך ווער געשליידערט אין דער אויסטערלישער
כשוף-שיף —
צי גאָר איך האַלט זיך
מיט די לעצטע כוחות
אויף שטרויי איבערגעבראָכן —
אויף בטחון
און — בלית ברירה!
אָ, גאָט, מיין גאָט —
צי ביזטו לעבן מיר?
„פאַרגעסן דיך עס הייסט דאָך" —
„זיך פאַרגעסן —
„אדני, נגדך כל תאוותיי",
ווי קאָן איך אַדורכלעבן אַ טאָג אָן דיר
אין מורא פונם זיין אַליין,
מיט אַנגסטן פון פאַרצווייפלונג און פון שרעק באַגאָסן,
מיט צער און וויטאָק,
וועלכע האָבן איבערפולט שוין אַלע ברעגן, אלע מאָסן,
אין אייביקער פאַרצווייפלונג פון יסורים —
דורך אלעמען — פאַר אַלעמען
א הפקרדיקער יתום!?
„אַז ס׳איז קיין אָפּשטעל קיין מנוחה
„נישט אויף מערב, נישט אויף מזרח —
„ווו די רו דערגרייכן!
„צי זינגן וועט ישמעאל,

„צי א ד ו ם װערן װעט דער בעל נצחון —
„בלײבט לײדן װײטער אונדזער צײכן —
„און ס׳האָט מײן האַרץ געריסן זיך צום מזרח,
„בעת צוגעשמידט איך בין געװען צום מערב...
„אָ, פּראַכט פון אַלע לענדער,
„די פרײד די גרעסטע פון דער װעלט,
„װי ס׳האָט געצױגן מיך צו דיר!
„װי גרױס דער צער געװען איז בײ דערמאָנונג
„פון װעגן דער געװעזענער דער גרױסקײט דײנער,
„און װעגן אָט דײן איצטיקער פאַרװיסטונג!
„פונװאַנען נעמען האָב איך דען געזאָלט
„דעם אָדלער-פלי,
„אום-כדי מיט טרערן מײנע צו באַגיסן
„טאָלן דײנע?
„איך האָב געלעכצט נאָך דיר,
„כאָטש חרוב איצט איז דײן מלוכה,
„און אױפן אָרט פון חײל-באַלזאַמען
„עס װידמענען זיך דאָ בלױז שלאַנגען, סקאָרפּיאָנען!
„אָ, װי געװאָלט האָב איך
„די שטײנער דײנע קושן —
„פון האָניק זיסער זענען דײנע חורבות
„מיר געװען!״
נישט די ליבשאַפט מײנע צו דער בת יחידה,
און צו קינדער אירע,
נישט די צוגעבונדנקײט צו פרײנט די פילע
פון מײן הײמלאַנד,
נישט דער װױלטאָג און די זיבן זינען
פונעם הײמלאַנד גוטא,
פון מײן צװײטן
האָבן מיך געקאָנט פאַרהאַלטן.



הײל שטענדיק איז געשטאַנען מיר פאַר אױגן —
אױג אױף אױג:
„די טױב פאַרטריבן פון איר נעסט —
װאָס איז געבליבן הענגען אױפן ברעג פון תחומי,
חײל קײנער קאָן נישט לײקענען אין מײנע װערטער,
אַז —
„אין ש ע י ר כיבין פאַרװאָגלט,
„אין ק ד ר כיבין פאַריאָגט,
„אין י ו ן כיװער געבראָטן
„אין מ ד י כיװער געפּלאָגט!
„אָ, אױב װי דו, נישטאָ איז
„קײן רעטער — באַרכאַשעם,
„איז אױך נישטאָ אַ מענטש נאָך,
„װי איך — אין האָפענונגס-קלעם.!
„טאָ גיב זשע מיר דײן כוח,
„דײן קראַפט, װאָס אָן א שיר,
„װי איך האָב עס די ליבשאַפט
„אַװעקגעגעבן דיר!״

## אַבול-כאַסאַן

(צוזאַמען מיט אַן עכאָ בכל תפוצות ישראל):
אין שעיר כיבין פאַרװאָגלט, א. א. װ.

## ר׳ יהודה הלוי

און נישט פון װעגן דעם איך האָב מײן חלום אױסגעחלומט.
בלױז נאָר, אַז דאָס פאָלק זאָל זעטיקן זיך פרײ,
אַז זיצן זאָלן מיר און קילן זיך אין שאָטן
איעדערער דאָ אונטער פײגנבױם און װײנשטאָק זײנעם.
באַפאָכן זיך מיט פאַרמעט-בלעטער פון געשיכטע,
און קװיקן ס׳נפש מיט רעכטפאַרטיקײט פון אָבות —
מיט מעשי העלדענמוט פון די אַמאָליקע גבורים —
נישט װען דעם האָט עס געבענקט

און אויך געדענקט מיין הארץ
פון וועגן „הארץ פון אלע לענדער",
אָ, נישט פון וועגן דעם מיין מידער גוף און מידע זעל
איז פּורעים דאָ געפאַלן —
אַז אָנטרעפן איך זאָל
די עקדישען, די שלאַנגען, סקאָרפּיאָנען און שאַקאַלן,
דורך בייזע ווינטן פון די ארבע פּנות עולם,
אַריינגעטריבן אין דעם מענטש,
אין בני אָדם יושבי חושך וצלמות !!!
איך האַב דאָ גאָט געזוכט,
און אָנגעטראָפן :
שרצישן, מיט סמים בייסנדיקן ,יעמערלעכן —
טייוולאָנישן קאַטאָוועס !
דער ב ר ו ד ע ר מ יי נ ע ר , פון איין פאָטער
האָט שטאָט מיר שלום אָפּצוגעבן,
שטאָט אָרעמען און האַלדזען,
שטאָט מיר מיט זון אַנטקעגן גיין —
דעם שטיין באַהאַלטן אין זיין טראכט,
און טעמפּער מעסער לאַכט אין זיינע ציין !

אַ ב ו ל - כ אַ ס אַ ן

טאָ וווּ איצט גיין,
און וווּ די הענט צו א געבעט
און אויגן נאָך דעם רחמים ריכטן ?

ר' י ה ו ד ה ה ל ו י

אין עולמות פון העכסטן פּאַטאָס —
אין שטילקייט פונם טויט, אַבול-כאַסאַן,
ווּ אָנצוקומען קיינמאָל איז נישט שפּעט !
עס מאָלן אומגליק נאָך די מילשטיינער פון דער געשיכטע,
און ס׳מוזן נאָך אַדורך, ווייזט אויס, אין העלישן שלהבת
די תקופות פון דער גרויסער זעלבסטפאַרניכטונג,



ביז ס׳וועלן שטורעם-ווינטן פון דער צייט
אין ווייט און וויסט פאַרטראָגן אַלע פּלעדעס,
דאַן קומען וועט די גרויסע ליכט
פון ירושלים של מעלה,
וואָס קאָן זיין, אַז גאָר אויפלויכטן עס וועט
אין אַ לאַנד — אַ קאַלטער דאָרף פון טרויער,
ווּ משיח וועט געבוירן ווערן
מיט צייכן פון א רויטן שטערן,
און אין געשטאַלט
פון תמימותדיקן פייער !
גיי, גיי, אַבול-כאַסאַן
אין אונטערגאנג אין שטילן,
און איך וועל בלייבן דאָ :
ל ע ג ע נ ד ע אייביקע און ת פ י ל ה ,
צושפּרייט, געפאלן אויפן דרך מלך,
אויפן ברייטן וועג
פון אומזוכן די שפּורן פון מיין גאָט אין לעצטע שעהען,
צעטראָטן פון דער פעלקער-שנאָה —
פון חיה׳שע — פון פערדישע די קלאָען !

(דער שאָטן — אַ ב ו ל ־ כ אַ ס אַ ן נידערט איבער דעם דיכטער־קיניג, וועלכער פאלט צו צו דער ערד און קושט זי. אין דעם טיפן פאַרנאַכט וואַקסט אויס אַ ריזן־געשפּענסט פון אַ בּ ע ד ו א י ן. אַ ריי־טער, וואָס דאָס יאָגן פון זיין פערד שטארקט זיך, ווי אַ דונער־אָנקום, טראָגט זיך אַריבער איבער דעם אויסגעשפּרייטען גוף פון ר׳ י ה ו ד ה ה ל ו י, און פאַרפאַלט מיט אַן עכאָ אין די בערג. די לעצטע ווערטער פון דעם ד י כ ט ע ר זענען, ביים פאַרבייגיין פון אַן איינגעבויגענער מוטער־געשטאלט) :

אָפּגעטון זיך אַלץ . . .
און אָפּגעווענדט זיך אַלע . . .
מאַמע —
ציון, הלא תשאלי . . .

# קאַרלינאַ

(סוף 18־טער יאָרהונדערט. ביי אַ פּאַריזער דאָקטער אין קאַבינעט. פּריער — דער דאָקטער מיט דעם ד'ינער, פּאָל. דער־נאָך — דער לעצטער פון די זעלטענע אַרלעקינען אויף דער איטאַליע־נישער בינע אין פּאַריז, קאַרל־אַנטאָן בערטינאַצאַ, מיטן צונעמעניש קאַרלינאָ, וועלכער האָט געמאַכט, לאַכן די פּאַריזער באַפעלקערונג אין משך פון 40 יאָר).

## דער דאָקטער

האָסט ווידער היינט פאַרשפּעטיקט צו דער אַרבעט, פּאָל...
פאַרשפּעטיקסט זיך אַיערן מאָנטיק —
און דאָ, אין קאַבינעט איך האָב אָקאָרשט געכאַפּט אַ מאָל,
די פוילסט זיך אָפּפּוצן פון שטויב די אינסטרומענטן, קאָנטיק...
די האָסט קיין צייט נישט?..
זאָג, וואָס שמייכלסטו, צו אַלדי גוטע יאָר?!.
האָט ווידער דיך די פריינדין דיינע היינט פאַרהאַלטן?
צו אַלדי גוטע יאָר!
צי פּאַסט פאַר אַזאַ אַלטן —
צי פּאַסט עס גאָר?!.

## פּאָל

כאַ-כאַ, הער דאָקטער!
אוודאי פּאַסט עס, אויב מען קאָן נאָך קאָנען!
אויב ס'איז פאַרהאַן נאָך פונקען, פייער, ברען!
אדרבא, פרעגט אַן אַנאַקרעאָנען.



וועט ער אייך ענטפערן: — ווי אַנדערש דען???
כאַ-כאַ! און נעכטן, כאַ-כאַ-כאַ,
הער דאָקטער... נעכטן...
נעכטן האָט זיך עס געטאָן מיט דעם קאַרלינאָ...
ווי פערד די מענטשן האָבן דאָך געהירזשעט —
פונקט מע גייט זיי שעכטן.
וואָס איז —
קאַרלינאָ האָט געזונגען זיי אַ לידעלע: מאי-נפקא-מינא?''
מאי-נפקא-מינא, כיבעט אייך,
גראַנדאַמע, צי גריזעטע,
מאַריאַננע, צי ליזעטע,
אַ מאָגערע, אַ פעטע —
דער-עיקר, ברודער... לאַך!
אַ געלע, צי אַ גרינע,
אַ גראָבע, צי אַ דינע,
אַ דינסט, אַ קייזערינע,
וואָס איז די נפקא מינא —
דו טו נאָר צו דער זאַך!!!

(דער דאָקטער זינגט נאָך, בעת פּאָל פּוצט באַזונדערע אינסטרו־מענטן. מ'קלאַפּט אין דער טיר).

## פּאָל

מאי-נפקא-מינא, כיבעט אייך,
גראַנדאַמע, צי גריזעטע,
מאַריאַננע, צי ליזעטע,
אַ מאָגערע, אַ פעטע —
אַז ס'שרפעט, אַז עס ברענט!
אַ געלע, צי אַ גרינע,
אַ גראָבע, צי אַ דינע,
וואָס איז די נפקא-מינא...
מעסיע, איך גיי אייך דינען:

עס קומט אַ פּאַציענט!

(אָפּ. קומט גלייך צוריק מיט קאַרלינאָן)

ק אַ ר ל י נ אָ

קאַרל-אַנטאָן בערטינאַצאָ!

(דער דאָקטער ווייזט איס מיט אַ צייכן, ער זאָל זיך זעצן, זעצט זיך. קורצע פויזע).

ק אַ ר ל י נ אָ

קאַרל-אַנטאָן בערטינאַצאָ!

ד ע ר ד אָ ק ט ע ר

כיהאָב געהערט שוין איינמאָל...

ק אַ ר ל י נ אָ

קענט איר מיך?..
האָט איר מיר געזען?..
געהערט?..

ד ע ר ד אָ ק ט ע ר

ניין...נאָך, דאַכט זיך... קיינמאָל...

ק אַ ר ל י נ אָ

אויסגעצייכנט, דאָקטער!..
ראַטעוועט מיך!..
זייט מיך מציל!..

ד ע ר ד אָ ק ט ע ר

וואָס פעלט אייך, וואָס?
דערציילט, וואָס טוט אייך ווי?

ק אַ ר ל י נ אָ

עס איז מיר ענג די ערד!
מען האָט זי צוגעשניטן שלעכט און שטאַרק פאַרשמעלט,
די וועלט!



ד ע ר ד אָ ק ט ע ר

וואָס אַרט דאָס אייך?

(טאַפּט אים דעם דופק)

וואָס גייט אייך אָן דער פלל?

ק אַ ר ל י נ אָ

איר האָט נישט וואָס צו טאַפּן, דאָקטער,
פולשטענדיק נאָרמאַל...
דער דופק גראָד איז האָפּערדיק, געלויפיק!
נאָר כיהער... אַלאַרמען-דונערן פון אַלע זייטן,
כיזע רייטערס שוואַרצע, פינסטערע,
אַפּאָקאַליפּטישע
אַרום מיר רייטן —
איבעראַל;
עס קלינגען מיר אין אויערן ביי טאָג, ביינאַכט
די שווערע מרה-שחורה-גלעקער פון לוויות...
מיר דוכט זיך, אַז דער באָדן, וואָס איך גיי אויף אים —
ער קראַכט...
אַז אַלץ פאַרביי...
אַז אַלץ פאַרביי... פאַרביי איז...

ד ע ר ד אָ ק ט ע ר

דער מאָגן?

ק אַ ר ל י נ אָ

דער מאָגן דווקא האָט זיך נישט אויף וועמען צו פאַרקלאָגן,
און מישן זיך מיט זיינע תמעוואַטע דעות!
עס קריכט אים פונם האַלדז אַרויס, אַזויצוזאָגן,
דער קיניג זאָרגט פאַר אים,
באַשטימענדיק אַכט טויזנט גילדערנע מטבעות!
דער מאָגן, ווי דער מאָגן!
נאָר די פּלאָגן פון רעיונות —

פֿלאַכן גיפֿטיק, ווי די שלאַנגען,
ווי סקאָרפּיאָנען
קלעמען זיך אַריין און שלייפֿן
און מאָנען צוזרינגלעך אַ נישט-באַצאָלטן חוב...
און פּלוצים ווערט מיין טאָג —
אַ טורמע-מויערדיקער הויף,
און וועלכן סיאָבן ווילד נאָך מיר זיך אום אַזעלכע פֿייערדיקע
רייפֿן,

אַזעלכע טרויעריקע לעבן-אונטערגאַנגען...

ד ע ר ד אָ ק ט ע ר

באַווייזט די צונג!

ק אַ ר ל י נ אָ

די צונג באַווייזט איך אַלעמען סיי ווי!
פֿון אומלויפֿן מיט אויסגעשטעקטער צונג עס קאָן מיך גאַנץ
פּאַריז!

באַלד פֿערציק יאָר, ווי כ'בין דאָ-הי!
איך בין דאָך נישט אַן אַבי-ווער...
אַ ווער-נישט-איז...
איך בין, הער דאָקטער..

ד ע ר ד אָ ק ט ע ר

ווער זענט איר, זאָגט איר?..

ק אַ ר ל י נ אָ

קאַרל... אַנטאָן... בערטינאַצאָ... איז מיין נאָמען ריכטיק!
הער דאָקטער!
ס'פֿייניקט מיך אַ שווערע מרה-שחורה,
איך פֿיל — איך גיי פֿאַרלוירן,
ד אָ ק ט ע ר!
די היפּאָכאָנדריע פּרעסט מיר מיין נשמה, ווי דער זשאַווער...
קיין צומרוי האָב איך צו קיין מענטש, קיין פֿריינט, קיין חבר...



און צום ווינציקסטן — צו זיך אַליין...
איך ווער צעמאָלן פֿון די סתירות און די ספֿקות גרויס און קליין...
צעריבן ווער איך אינם שטויב און זאַמד...
פֿון גיפֿט פֿון אייגענעם פֿאַרסמט!
און נאָר דער טייוול ווייסט,
פֿאַרוואָס עס איז נישטאָ פֿאַר מיר קיין טרייסט!
פֿאַרוואָס צו מיר עס קומט נישט די ליטזעליקייט פֿון דעם געוויין,
פֿאַרוואָס עס נידערט נישט אויף מיר גענאָד פֿון שמייכל?!.

ד ע ר ד אָ ק ט ע ר

איך...
כ'פֿאַרשטיי נישט אויך דעם שכל!

ק אַ ר ל י נ אָ

אַ שמייכל-מאָן נישט קאָנען —
קאָן דאָך נאָר אַ חיה!
און אָפֿטערס — אין לבנהדיקע נעכט,
אין שטערנדיק געווימל,
עס שטרעקט זיך אויס מיין האַלדז צום הימל,
און פֿאַרגעפֿילן שלעכט...
און שטאָטין אַלאַרמירן... שרייען...
עס רייסט זיך מיר אַרויס פֿון גאָרגל אַ הייזעריקער, יעמערלעכער
בילן...

איך ווער פֿאַרוואַנדלט — פֿיל איך — אין אַ הינטיש וואָיען,
אַריבערגייענדיק די גרענעץ:
פֿון דער מרה שחורה צו ש ג ע ו ן!
אַ, דאָקטער!
ווי קאָן מען איינשרומפּן אין קליין-משפּחהדיקייט דאָס געוויסן,
ווען ס'בויערט, ס'מאָנט!
עס שרייט גע-וואַלד!
עס לאָזט אַ ווייל נישט אָפּ!
עס פֿליט משוגע-ווילד!

גאַלאָפּ!
עס דונערט און עס קנאַלט,
און פּראַלט די שנאה פון דער גאָרער וועלט,
וואָס — אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן!
ווי קאָן מען, דאָקטער, שטילן זיך מיט בלויז פּערזענלעכן
געוויסן?!.

דער דאָקטער

(נעמט קאַרלינאָן אָן פאַר ביידע הענט, און פאָרשט אים אין די אויגן).

איז די סיבה נישט צומאָל די ערן-גייציקייט,
דער דראַנג נאָך רום?

קאַרלינאָ

דאָס מאָל פּונקט... הער דאָקטער...
דאָס מאָל נישט געטראָפן!
אויף לאָרבער-בלעטער, הער דאָקטער פילגנעדיקער, איך האָב
פון לאַנג אַ היתּר...
איך רו אויף זיי שוין יאָרן צענדליקער... גאָר לאַנג...
זיי פרייען מיך נישט... טוען מיר נישט באַנג...
דעם ריח זייערן צעשפּרייט האָט מיין סאַמום —
און כּ'פיל זיי פּונקט אַזוי, אין דער אַרומיקער פּאַרערונג,
גראַד אַזוי, ווי ס'פילט די לאָרבער-בלעטער אַ —
מאַרענירטער הערינג!

דער דאָקטער

איר האָט הומאָר נאָך, זע איך, הער בער... הער בער...

קאַרלינאָ

בערטינאַצאָ!

דער דאָקטער

יאַ, בערטינאַצאָ!
הומאָר, מיין הער, דער בעסטער איז פון די דאָקטוירים!



צי איז נישט, ליבער פריינט, אין אייער קרענק דער גורם —
דער באַרוף פון אייך?..
פאַרטרויט מיר, וואָס איז אייער טון —
װעל איך אייך אפשר קאָנען היילן?
וואָס טוט איר, זאָגט מיר!

קאַרלינאָ

ווייס איך.. וואָס איז דען די נפקאָ מינאָ?..

דער דאָקטער

האַ?.. ווי האָט איר געזאָגט:
„וואָס איז די נפקאָ מינאָ?"
„וואָס איז די נפקאָ מינאָ?.."
עווריקאַ!!! איך האָב געפונען!..
איך האָב פאַר אייך אַן עצה האָב איך!
פאַל, אַהערצו קום!..
ווי גייט „די נפקאָ-מינאָ"?..

(פאָל קומט אַריין און זינגט. דער דאָקטער שלאָגט אים איבער).

„וואָס איז די נפקאָ-מינאָ?"
דאָס איז דאָס נייע לידל פון דעם פרעכטיקן קאַרלינאָ!
אַך, קאַרלינאָ איז דער ליך, דער וווּנדערלעכער אַרלעקין,
וואָס פערציק יאָר באַלד מאַכט ער לאַכן גאַנץ פּאַריז...
די שטיינער פלאַצן דאָך ביי אים פאַר גרויס געלעכטער!
אַ, קאַרלינאָ!
דעם שווערסטן מעלאַנכאָליקער ער שטעלט דאָך אויף די פיס!
דעם מרה שחורהדיקסטן גראָבסטן אייז —
צעפיצלט ער, צעברעכט ער!
אַ, קאַרלינאָ!..
זיין הומאָר עס איז דער איינציק אמתער און עכטער!
איך ראָט אייך, הער, אים גיין און הערן!

ק אַ ר ל י נ אָ

װעמען?

ד ע ר ד אָ ק ט ע ר

קאַרלינאָ!!!!

כאַ-כאַ, אַזאַ מין ממזר:

„װאָס א י ז די נפקאָ מינאָ?"

גייט, גייט צו אים!

עס װעט אייך לייכטער װערן!

ק אַ ר ל י נ אָ

איך בין אַליין קאַרלינאָ!



## פאַהשטעלונגען:

M.BRODERSON/FORSZTELUNGEN
ŁÓDŹ 1936/7
משה בראָדערזאָן — פאָרשטעלונגען
אַרויסגעגעבן דורך אַ גרופּע פריינט.
געזעצט אין דער דרוקעריי פון „נייעם
פאָלקסבלאַט״ דורך מ. ד. האַמבורסקי,
מעטראַנפּאַזשירט — מ. וואַרשאַווסקי,
געדרוקט אין דער גראַפישער אַנשטאַלט
פון מ. שייניאַק אין לאָדזש, תרצ״ז.
Drukiem M. Szajniaka, Łódź, Gdańska Nr. 40

PRINTED IN POLAND

